עליע ווערבלון

# מעשיות פון מאנטעווידעא

(לייכטע פראָזע)

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג - דרוקעריי ב. רעזניקאָוויטש
1959

# אינהאַלט

# אַ שפּאַציר איבער מאָנטעווידעאָ

אַנומלט בין איך אַרויסגעפֿאָרן אויף עטלעכע טעג אין די ווייטערע דעפּאַרטאַמענטן פֿון לאַנד. איך האָב געהאַט די מיסיע אויסצופֿאָרשן וועגן דער עקזיסטענץ פֿון דער ערשטער ייִדישער קאָלאָניע „19 דע אַבריל", וועלכע האָט זיך געפֿונען נישט ווייט פֿון דער שווייצער שטאָט פּייסאַנדו, ביים ברייטן טייך אורוגוויי, וואָס טיילט אָפּ (אין מיטן איז פֿאַראַן אַן אינדזל, אַ מין קיינעמס־לאַנד, אָדער ביידנסלאַנד) די אורוגווייער רעפּובליק — פֿון אַרגענטינע.

אָבער נישט וועגן דער רייזע און וועגן אירע רעזולטאַטן, וויל איך דאָ דערציילן. איך וויל בלויז זאָגן, אַז שוין איבער פֿערטן טאָג פֿון מיין פֿעלן פֿון מאָנטעווידעאָ, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַזאַ בענקשאַפֿט נאָך דער הויקער שטאָט, וואָס איז, אמת, ניט מיין געבוירן־אָרט, איז אָבער די שטאָט אין וועלכער איך לעב שוין צענדליקער יאָרן, אָנהויבנדיק פֿון די יונגטלעכע ערשטע צוואַנציקער.

מאָנטעווידעאָ ווערט באַוואַשן פֿון אַלע זייטן פֿון ים, (אייגנטלעך פֿון „ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ", וואָס איז אַליין אייגנס ווי אַ ים אויסגעשפּרייט אויף הונדערטער קילאָמעטערס, מיט אַ האָריזאָנט־ליניע, וואָס ציט זיך פֿאַרן אויג אין דער אומענדלעכקייט) מיט שוואַרצע פֿון ים און שטורעם צעשווענקטע גראַניטענע, בראשיתדיקע פֿעלדזן, וואָס אין כּאַאָטישער צעוואָרפֿנקייט באַזוימען זיי אירע ברעגן.

פֿון מזרח־זייט, אין אַן אַרויסגערוקטן שאַרפֿן ערד־צונג, פֿינקלט, רופֿט און וואָרנט דער לייכט־טורעם פֿון פּונטאַ־קאַרעטאַ. דערביי שפּרייטן זיך אין גן־עדנדיקער שלוה די לאַנקעס, בערגלעך און פֿעל־

דער פון גאָלף־קלוב; אַזאַ אָנגענעמע פֿאַנטאַסטישע גרינקייט אַ גאַנץ יאָר, וואָס לייכט אַראָפּ פון די ביז ראַפינירטקייט קולטיווירטע גאָלף־פעלדער, באַרואיקט שטענדיק דאָס געמיט און דער וואָס מיינט, אַז די שיינקייט דאָרטן איז פון נאַטור, פון זיך אַליין, האָט אַ דאָפּלטע הנאה — ווייל ער ווערט איבעראַשט פון דעם בילד, וואָס די נאַטור האָט פאַר אים געמאָלן און וואָס איז גלייכצייטיק אַ שטיק קונסט.

דורכגעשפּאַצירט די „ראַמבלע” (מ׳דאַרף האָבן יונגע פיס צו דעם) קען מען מיט אַ שיפל איבערשניידן די בוכטע ביים פּאָרט (אַ שטח פון 1—2 קילאָמעטער) אין דער ריכטונג פון מאָנטעווידעער באַרג סעראָ, וואָס שטייט ווי אַ וועכטער ביים ראַנד פון שטאָט און אויך פון לאַנד, מיט זיינע עטלעכע הונדערט מעטער גראַניטענע הויכקייט אין דער פאָרעם פון אַ פּיראַמידע.

אונטערוועגס, אויפן שיפל, באַטראַכטסטו די שפּיל פון די מעוועס, די אַלבאַטראָסן, וואָס יאָגן אָן פון אויבן אין וואַסער אַריין, פאַנגען אַ פיש, הויבן זיך ווידער אויף, און אין דער הויכקייט לאָזן זיי אָפּ דאָס געפאַנג, און לויפן באַלד ווידער אונטער און כאַפּן עס נאָך אַמאָל אויף אין דער לופט. אַזוי עטלעכע מאָל.

פון באַרג, אויבן, ווו עס געפינט זיך די פעסטונג, אַרומגעשטעלט מיט אַלטע מוזיי־קאַנאָנען, אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר די שטאָט מאָנטעווידעאָ, ווי אויף דער דלאָניע. די אָנגעוואָרפענע, ווי שפּילצייג, הייזער, פּאַלאַצן, מיט די טורעמדיקע שפּיצן, מיט די דורכגעצויגענע, ווי פעדים, גאַסן, קוואַדראַטן־פּלעצער, איינגעפאַסט אין פינקלדיקן לאזור פון דער שטראַלנדיקער לופט, און אין ווייטקייט — דער טונקל־בלאָער ים, וואָס גליווערט מיט זיינע טיפענישן, ווי אַ שפּיגל, וואָס אין אים האָט זיך צעבראָכן אויף פּיץ־פּיצלעך די אונטערגייענדיקע זון.

פון דער הויך זעסטו אויך די אין האַרבסט־רועדיקע „פּליאַזשעס”, מיט דעם אָנגעהויפן פון געלע דין־דינע זאַמדן, וואָס אַן איינזאַמע, דוכט זיך, כוואַליע, פאַרשווענקט און לאָזט איבער, ווי אַ מתנה, אַ קרענצל ווייסן, גאָר ווייסן שוים — — — — — ווי שיין איז זי אונדזער שטאָט מאָנטעווידעאָ!

# דאָס גרויסע געווינס

איינער אַ ייד, אַ היטלמאַכער, האָט געוווּנען דאָס גרויסע געווינס. צוגעגאַנגען איז עס אומגעפּער אַזוי: קיין שפּילער אין לאָטעריע איז ער קיינמאָל נישט געווען. ס'האָט אים איינפאַך קיין געלט נישט געסטייעט דערצו. זייער אַ סאָלידער קבצן איז ער געווען, פון געבורט, אַזוי צו זאָגן, דערצו נאָך אין דער לעצטער צייט, ווען דער עולם האָט אויפגעהערט טראָגן היטלען. אונדזער היטלמאַכער, דאָן קלמן, לאָמיר אים רופן, — האָט אייגנטלעך געהאַט געווויסע פּראָיעקטן, וועלכע וואָלטן געקענט פאַרבעסערן זיין לאַגע: נעמלעך: די רעגירונג זאָל אַרויסגעבן אַ דעקרעט, אַז יעדער בירגער מוז האָבן צוויי היטלען, אויף אינדערוואָכן און אויף יום־טוב. און אויב דאָס איז דערווייל נישט מעגלעך דורכצופירן, וואָלט מען, ווייניקסטנס געדאַרפט אַריינגיין אין דער לאַגע פון די היטלמאַכער און דעקרעטירן, אַז אַלערליי לעבנסמיטלען זאָלן זיי קריגן אויף האַלבן פּרייז. דעמאָלט וואָלט מען אפשר געקענט לעבן. פאַרשטענדלעך, אַז פון אַלע פּראָיעקטן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם און אונדזער היטלמאַכער איז געבליבן אַן אומהיילבאַרער דר'ערדליגער. האָט זיך געמאַכט אַז ווען דאָס וואַסער איז געקומען ביזן האַלדז און קיין אַנדער אויסוועג ווי אָדער אָנשיכורן זיך, אָדער שטאַרבן לעבעדיקערהייט, איז נישט געווען, האָט ער פאַר די לעצטע אָרעמע צוויי פּעזעס, וואָס אים איז פאַרבליבן, געקויפט אַ „צעטעלע" און... ער האָט געוווּנען צוואַנציק טויזנט פּעזעס.

די גאַנצע גאַס האָט זיך געפרייט מיט דעם באַגליקטן, וואָרום

קיינמאָל האָט נאָך דאָס גרויסע געווינס ניט געטראָפן אַזוי דעם אַדרעס, ווי איצט. און דער היטלמאַכער, אונדזער בכבודיקער דאָן קלמן, האָט ערשט, קען מען זאָגן, אָנגעהויבן פונדאָסניי. קודם־כל, דאָס געפיל אַליין, ווען מען האָט אין קעשענע אויף הונדערט וועטשערעס מיט אַמאָל. עס לעבט זיך גאָר גרינגער און אין האַרצן שפּילט אַזוי, ווי אַ פריילעכע קאַטערינקע — דאָס אַליין איז עפּעס ווערט! דערצו נאָך דער גערודער, וואָס ווערט אַרום דיר. עס האָבן זיך געמאָלדן אַלערליי מענטשן און גוטע פריינט און יעדערער מיט אַן עצה. איינע בעסער פון דער אַנדערער. איינער אַ שכן, אַ הער האַמבורגער, אַ דייטשישער ייד, האָט פאָרגעשלאָגן אונדזער היטלמאַכער, ער זאָל מיט אים צוזאַמען אַוועקשטעלן אַן אינדוסטריע. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן געדרייכערטע פיש, וואָס לויט דעם „דייטשס״ מיינונג, קען מען אין גאָר אַ קורצער צייט זיך אַוועקשטעלן אויף די פיס. אַ צווייטער שכן, אויך אַ „דייטש״, האָט פאָרגעשלאָגן, ער זאָל אַריינלייגן זיין געלט אין אַזאַ פּולווער קעגן וואַנצן. מ׳דאַרף עפענען אַ לאַבאָראַטאָריע און דער דערפאָלג איז אַזוי זיכער, ווי צוויי מאָל צוויי. אַ דריטער ייד, אַ מאַכער, האָט פּשוט געוואָלט ווערן אַ שותּף צו די טויזנטער. ער האָט צוגעזאָגט צו מאַכן אַן אומזיסטן קאָנטראַקט. דעם לעצטן ייד, דעם מאַכער, האָט קלמן נישט געקענט אַזוי גיך פאַרשטיין: וואָס הייסט? יענער ייד, דער ווייסל פון אויג, — וויל ווערן זיין שותּף, אַזוי מיר ניט, דיר ניט. נישקשה פון אַ וועלער. ס׳איז געווען נאָך אַ ייד, אַ מאָדנער אַזאַ, ער האָט עפּעס אָנגעשריבן אַ ווערק, „דער צעטראָגענער בלומען־גאָרטן״, דער דאָזיקער מענטש האָט געוואָלט, אַז קלמן זאָל אַרויסגעבן זיין ווערק אין אַ פּאָר שפּראַכן, מ׳קען זיכער דערפון באַגליקט ווערן. אונדזער היטלמאַכער כאָטש אַ ייד אַ בר־דעת, האָט זיך ניט געקענט באַשליסן פון אַזויפיל איניציאַטיוועס און ער האָט געוואַרט. עס ברענט נישט. דערווייל האָט ער געלעבט, אַזוי צו זאָגן, זיין האָניק־חודש. דעם ווייב האָט ער געגעבן געלט זי זאָל קויפן עטלעכע פּאָר שיך. און זי האָט טאַקע געקויפט גאַנצע צען פּאָר, עס זאָל קלעקן אויפן גאַנצן לעבן. די קינדער האָבן אויך עפּעס אָפּ־

גענאַשט פון דער געשעעניש. די בעלי־חובות האָבן אויך באַקומען זייערס, אַזוי ווייט אַז אַ יידישער זשורנאַל פון אויסלאַנד, וואָס פלעגט אָנקומען צו קלמנען קענן זיין ווילן, האָט איצט געפונען די פּאַסיקע צייט זיך אָפּצורעכענען און האָט געפאָדערט פאַר זיבן מיט אַ האַלבן יאָר אַבאָנענט־אָפּצאָל. קלמן האָט באַצאָלט. — די גאַנצע וועלט דאַרף לעבן, אַזוי האָט ער געזאָגט.

אונדזער גביר האָט, פונדעסטוועגן, ניט פאַרגעסן תכלית־זאַכן. עפּעס מוז מען דאָך טאָן מיטן געלט. און ער האָט באַשלאָסן, טאַקע ווי אַ בעל־שכל, אָן שותפים און אָן כאַפּ־לאַפּ, זיך צו פאַרפונדעווען. וואָס קען נאָך זיין פעסטער ווי אַ מויער? קלמן האָט געקויפט אַ הויז, פאַרשטענדלעך ניט אין די בוילוואַרן, אַזוי אַ הויז, אין אַ שטי־לער גאַס, לעבן ים. די באַדינגונגען, קען מען ניט זאָגן, זאָלן האָבן געווען שלעכטע. איצט צאָלט ער איין אַ טייל. עטלעכע טויזנט פּעזעס נאָך, און אין די קומענדיקע 15 יאָר, דאַרף ער נאָר צאָלן צו הונדערט פּעזעס אַ חודש. זייער אַ גוט געשעפט.

אונדזער דאָן קלמן איז געוואָרן אַן אייגנטימער. עטלעכע צי־מערן האָט ער פאַרדונגען. דירה־געלט וועט ער קריגן, כשר געלט און מ'וועט לעבן. אַזוי וואָלט עס טאַקע געווען, ווען דער שלימזל רוקט זיך נישט אונטער. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „זיין מויער" דאַרף מען אביסל אַריינרוקן. ס'הייסט: די מוניציפּאַליטעט גייט אויס־ברייטערן די גאַס און קלמנס הויז שטייט פּונקט אַרויסגערוקט אין מיטן. ווידער איז אַ צרה מיטן דאַך. אין אַלע צימערן רעגנט עס אַריין, ס'גיסט שטראָמענווייז. מ'מוז אונטערשטעלן שיסלען מיט טעפּ, די שטוב זאָל נישט פאַרפלייצט ווערן. די שכנים זיינען זיינען אויסגערונען געוואָרן. אַ דאגה זיי האָבן, ס'איז נישט זייער הויז. די באַנק, ווו ער האָט געקויפט דאָס הויז, האָט אפילו צוגעזאָגט צו פאַריכטן, אָבער פריער זאָל ער צאָלן אַ פינף יאָר אויף דער היפּאָטע־קע און נאָכדעם וועט מען זען. נאָר אויב ער וויל ניט צאָלן מער, קען ער עס, אָבער דאָס הויז וועט אים שוין נישט געהערן. אַזוי אַז עס איז אַ פאַרכישופטער קרייז. דריי זיך אַהער, אַהין, קיין גוטס קען

שוין פון דעם נישט אַרויסקומען. ס'איז אים פאַרבליבן זיך ווידער צו נעמען צו די היטלען. וואָלט ער כאָטש געווען אַ קאַפּעלוש־מאַכער, וואָלט שוין ווי עס איז געגאַנגען. אָבער היטלען — ווער טראָגט היינט היטלען? דאַכט זיך באַגליקט געוואָרן און ליגט דאָך ניין איילן אין דר'ערד. נישטאָ קיין אָרדענונג אויף דער וועלט!

די נאָז איז אַלץ לענגער געוואָרן ביי דעם דאָזיקן אָרעמען מענטש. זי האָט געבלאָזן מיט אַזאַ טרויער, אַז ס'איז אַ רחמנות געווען צו קוקן; ער גייט אַרום אין זיין מויער, ווי אין אַ קבר און זיינע אנגעאַרבעטע היטלען גרייכן שוין ביזן סופיט...

# אַ גוטער סוף

פאַראַן אויף פּאָראָנגאָס אין די פיר טוויזנטער, אַ ייד אַ שניידער, בערל קליינמאַן, דוכט זיך, הייסט ער, אַ ייד, ווי אַלע יידן, און ס'איז נישטאָ פיל וועגן אים וואָס צו שרייבן.

האָט זיך אונדזער בעל־דבר, אַ פרוי און אַ טעכטערל, זאָלן זיי אים ביידע געזונט זיין. אָט דאָ, זעט איר הויבט זיך שוין אָן די מעשה, וואָס מיר וועלן אָנגורטן די לענדן און מיט דעם גאַנצן רעני־דימענט פון אונדזערע שרייבערישע כוחות, וועלן מיר זי פרווון פאַר אייך דערציילן.

קודם־כל זאָלט איר וויסן, אַז מיט דער פרוי פון אונדזער גוטן שניידער, איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע גייסטיקע רעוואָלוציע, אַן אמתע איבערקערעניש. זי איז אויף אירע עלטערע יאָרן (ס'הייסט עלטערע? — איבער פערציק. אַלע אונדזערע פרויען זיינען, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, שוין איבער פערציק) געוואָרן זייער פרום, וואָס הייסט פרום? — אַ צדקנית. זי האָט אָנגעטאָן אַ שייטל אויפן קאָפּ, און גייט ווען מען דאַרף עס — אין מקוה; זי האָט אַרויסגעוואָרפן אַלע אירע

פריערדיקע געפעס, כלים, און איינגעשטעלט אַ סדר — פליישיקס צו פליישיקס און מילכיקס — צו מילכיקס.

אונדזער שניידער, ווי דאָס רוב שניידערס און סטאָלערס, איז געווען אַ קנאַפּער שומר כשרות און שומר שבת... דאָס ווייב וויל כשרות — זאָל זיין כשרות! אַ כשר שטיקל פלייש קאָסט טאַקע אַביסל טייערער, אָבער שטאַרבן פון דעם קען מען חלילה נישט, מ׳זאָגט — אַז פאַרקערט — עס איז נאָך היגיענישער, געזינטער.

דאָס ווייב האָט אפילו באַוויזן אים צו מאַכן פאַר אַ שומר־שבת אויך. שבת האָט ער נישט געטאָרט אַרבעטן און זונטיק — האָט ער נישט געהאַט קיין חשק צו אַרבעטן. און דאָ איז דאָך עפּעס אַמעריקע, מיט סעזאָנען, מיטן צושטעלן צו דער מינוט די אַרבעט אין די געשעפטן. מיט איין וואָרט — אַ גאַנצע סומאַטאָכע.

דעם שניידערס טעכטערל, ווידער, האָט געמוזט אויפגעבן איר שטיגער לעבן פון אַ פרייען פויגל, מיט אירע לייכטזיניקע יידישע און גוישע חברטעס, ווארום די מאַמע האָט איר אָנגעהויבן אַריינ־פירן אין פרומער יידישקייט, אויסגעלערנט די מיידלשע ברכות, אויס־זאַלצן אַ שטיקל פלייש, און ביי אַ מלמד האָט זי געדאַרפט לערנען עברי און אַ פּרשה חומש אויך.

דאָס זיינען זאַכן יידישע און ס׳איז נישטאָ וואָס מרעיש עולם צו זיין, ווען די זאַכן וואָלטן געבליבן ביי דעם און זיך נישט קאָמפּלי־צירט. אָבער די זאַכן האָבן זיך דווקא יאָ קאָמפּליצירט.

ערשטנס: אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט די פרוי אָנגעגעבן אויף אַ גט. זי וויל מער נישט לעבן מיט אַזאַ איינעם, וואָס איז פאַר איר גאָר קיין ייד נישט, איז אַ גלוח, דאַוונט נישט און היט נישט אָפּ קיין איינע פון די תרי״ג מצוות. און לויט די געזעצן פון לאַנד — האָט שטענדיק די פרוי רעכט אָפּצוזאָגן איר מאַן. און זי האָט זיך טאַקע באַפרייט פון אים. זי איז אַוועק וווינען מיט איר גאַנצער פרומקייט

אַליין אין אַ שטיבל. נאָר די טאָכטער איז געבליבן ביים מאַן. צונעמען זיין קינד האָט זי לויטן געריכט, נישט געקענט.

דאָס איז איינס אַוועק. און איצטער קומט דאָס צווייטנס:

דאָס טעכטערל (ווער האָט זיך גאָר געקענט ריכטן אויף דעם?) האָט זיך פאַרליבט אין אַ שכנס אַ יינגל — אַ גוי גמור, מיט אַ ליבע וואָס שטייגט איבער אַלע לאון, מיט געהיימע ראַנדעוווען, מיט אַרויס־פאָרענישן צוזאַמען אין די פּאַרקן — מיט אַ ליבע, וואָס איז שטאַר־קער פון אַלץ אין דער וועלט.

די ערשטע צייט האָבן די צעשיידטע עלטערן גאָרנישט געוווּסט פון זייער בראָך. אַז די מאַמע האָט איינגעלייגט וועלטן, ווי מ׳זאָגט, דערוויסנדיק זיך פון איר אָפּגעהיטער טעכטערלס פירונג, איז פאַר־שטענדלעך. אָבער אויך דער „אפּיקורסישער" טאַטע האָט געשטור־רעמט און געדונערט, און עס זיינען געפלויגן פּעטש אויך. אָבער דאָס טעכטערל, נאָך דעם ווי זי האָט צוגעזאָגט שוין צו זיין גוט און פרום, און איבערגעריסן אויף אַ שטיקל צייט מיט דעם שגץ — פלעגט דערנאָך זיך ווידער באַגעגענען מיט אים, און ווו זיך באַגעגעגענען — עס איז גאָרנישט אויסצוזאָגן.

די עלטערן (אין דעם פאַל שוין פאַראייניקט) האָבן באַשלאָסן אי־בערצוגעבן זייער טאָכטער אין דער קאָלאָניע פאַר מינדעריעריקע מיט שלעכטער אויפפירונג. אַ שיין שטיקל צייט איז זי געווען אין דער „קאָלאָניע" — ביז ס׳האָט זיך אַריינגעמישט דער „דריטער צד", דער בחור. דורכן געריכט האָט ער געפאָדערט מ׳זאָל פרייזאָזן דאָס מיידל. זי איז זיין כלה און ער וויל מיט איר חתונה האָבן, און די עלטערן האָט ער אויך באַרואיקט: ער איז גרייט זיך צו לאָזן יידישן, און זאָל זיין שלום אויף דער וועלט.

און מ׳האָט טאַקע געפראַוועט אַ פריילעכע חתונה, ווי גאָט האָט געבאָטן. אָבער די עלטערן האָבן זיך, ליידער, נישט איבערגעבעטן, כאָטש זיי האָבן געפירט זייער טאָכטער צו דער חופה. די פרומע

איז פּאַרטאָן אין אירע „העכערע וועלטן" און דער שניידער נייט און די נאָדל גייט, ווי אין לידל זינגט זיך. מ'שמועסט אַז גאָר אין גיכן וועט ער פונדאַסניי חתונה האָבן מיט זייער אַ יונגער און שיינער אַלמנה.

# אַ זעקעלע מיסט

פרדי בוימגאָלד איז זייער אַן אינטעליגענטער מענטש. זי האָט אַמאָל שטודירט, געלערנט אין די גימנאַזיעס. געטרוימט אפשר אויך. דאָ אין אַמעריקע האָט זי זיך אַביסל פאַרענדערט. צום בעסערן? שווער צו זאָגן. דער מאַן אירער איז אַ ליכטציער. ער ווערט זייער לאַנגזאַם רייך. דעם אמת געזאָגט, ווערט ער אַלץ קבצנישער. דער פרוי בוימגאָלד איז עס, פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי צום האַרצן... און זי האָט באַשלאָסן אַליין, אויף אייגענער אחריות צו מאַכן איר אַמעריקע. זי שפּילט... נישט אין קאָרטן, פאַרשטייט זיך, נאָר אין לאָטעריע. די הוצאה טיילט זי אויף צוויי טיילן: אַ העלפט פאַר דער משפחה (פאַראַן אויך קינדער) און אַ העלפט גיט זי אוים אויף „צע־טעלעך" אוןן אויף אַלערליי נומערן. ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך, אַז ווען מען וויל נאָר, ווען מען וויל שטאַרק, מען זאָל נישט קענען דערגרייכן. דאָס זעט אוים צו זיין ריכטיק.

אַנומלט האָט זיך איר געחלומט, אַז זי איז געשווומען אין אַ בלאָ־טע. זי איז אויפגעשטאַנען אַ גליקלעכע: וואָרעם בלאָטע, זאָגט מען, באַטייט — געלט. דאָס מאָל וועט זי זיכער געווינען! נאָר וועלכן נו־מער נעמט מען? דאָס איז גאָרנישט אַזוי שווער צו טרעפן! מען דאַרף נאָר האָבן אַ ביסל דערפינדערישקייט.

אינדערפרי, ווען ס'איז זיי אָנגעקומען די צייטונג, האָט זי, ווי געווינלעך, געקוקט אויף דער לעצטער זייט, דאָרט ווו די נעקראָ־לאָגן. מאַכט זיך אַזאַ אַנאָנס אין אַ שוואַרצן רעמל, איז זי איבער־

גליקלעך. (לאָמיר איר עס נישט נעמען פאַר אומגוט, זי טוט עס נישט פון שלעכטקייט) ווי אַלט איז געווען דער נפטר? זי וועט עס שוין דערגיין. אַ פרוי דערגייט אַלץ. נאָכן נאָכפרעגן זיך אַהער, אַהין, איז זי דערגאַנגען, אַז דער פאַרשטאָרבענער איז געווען זיבן און פערציק יאָר! יענעם טאָג וואָלט זי אפשר באַגליקט געוואָרן, ווען זי וואָלט געוווסט, אַז דער נפטר איז אייגנטלעך געווען פולע זעקס און פערציק. וואָרעם דער זעקס און פערציק איז דאָך אַרויס.

ווער עס קומט נאָר אַריין ביי זיי אין שטוב — איז דאָס ערשטע, וואָס מ'פרעגט אים: „ווו וווינט איר? דער נומער פון דער גאַס? איר קלערט זיך, דאַכט זיך אַריבערצוציען, פאַרגעסט נישט איבער־צולאָזן אייער נייעם נומער". אַז אַ מענטש האָט זיך פאַרנומען גליק־לעך צו ווערן איז דאָך נישטאָ וואָס צו ריידן.

די ליבע פרוי בוימגאָלד האָט אַ ביסל פאַרנאַכלעסיקט איר הויז, די קינדער, אַלץ געפינט זיך האָרטן מיטן קאָפּ אַראָפּ. און זי אַליין פאַרגעסט זיך צו וואַשן, צו פאַרקאַמען זיך. אפילו צו עסן. איין אינ־טערעס האָט זי אין לעבן: זי מוז באַגליקט ווערן!

פאַראַן אַ פרוי, האָט מען איר דערציילט, וואָס קען געבן אַ גוטע עצה. זי פאַרשטייט זיך אויף אַ קראַנקייט. זי ריכט־צו, זאָגט מען, אויך אַזעלכע ליבע־טראָפּנס, ווען דער מאַן קוקט צופיל אויף דער שכנה. און זי קען, בכלל, מאַכן, אַז יעדער וווּנטש, וואָס מען ווינטשט זיך נאָר, זאָל מקוים ווערן. פאַר אַ וויזיט נעמט יענע נאָר 5 פּעזעס.

פרוי בוימגאָלד איז אַוועק צו דער דאָזיקער פרוי, וואָס האָט אַ גרויסע בראָדעווקע אויפן שפּיץ נאָז. שכנים זאָגן, אַז איר גאַנצע קונסט שטעקט אין דער בראָדעווקע. אָבער מ'ווייסט נישט, צי איז זי אַן אייגענע, אָדער אַ צוגעקלעפּטע.

נאָכדעם ווי פרוי בוימגאָלד האָט אָפּגעשטעקט דעם קנאַקעדיקן פינפער'ל, וואָס יענע האָט צוגענומען מיט אַ מינע, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ שאָלעכטס פון אַ ניסל, האָט די „בראָדעווקע" פאַרגלאָצט די אויגן און געבליבן אַזוי אַ פערטל שעה, דערנאָך איז זי „צו זיך

געקומען", האָט פון אַ ווינקל צונויפגעשאַרט אַ גאַנץ פיין ביסל פערדן־מיסט, עס איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר און דערלאַנגט עס אונ־דזער פרוי בוימגאָלד און איר געזאָגט: גיי, טאָכטער, אַהיים, מאַך זיך אַ סאַמעט זעקעלע און טו עס אַריין. לייג עס אַוועק צוקאָפּנס און אַז גאָט וועט העלפן, וועסט באַגליקט ווערן, פאַרגעס נישט אין מיר.

די צייט שטייט נישט. עס זיינען וואָכן אַריבער, חדשים, אַ יאָר. פרוי בוימגאָלד שלאָפט נאָך אַלץ אויף דעם סאַמעטענעם זעקע־לע. זי האָט געדולד. ווי ווייל איז צו איר...

# אַ שווייצער ביי דער טיר

דאָס איז געווען אין 1943, זיינען מיר זיך געזעסן אָדער געלעגן אויף דער פּליאַזשע פּאָסיטאָס, אין אַ הייסן זונטיק־טאָג און געהאַט הנאה פון גאָטס וועלט, פון דעם הימל וואָס איז געווען לויטער־בלוי, פון ווינטל, וואָס האָט געצערטלט דעם גוף און פון די כוואַליעס פון ים, וואָס זיינען אָנגעלאָפן כלומרשט ברוגזע מיט אַ הוזשעריי און מיט שוים, אָבער אָן געפאַר, זיי טרעטן באַלד אָפּ צוריק ווי קיינמאָל גאָר־נישט.

די גרופּע איז באַשטאַנען פון פּשוטע מענטשן, אַרבעטער, קליינע קרעמער און בעלי־מלאכות. מ'האָט אַ ביסל געשמועסט וועגן דער אָנהאַלטנדיקער מלחמה, זיך איבערגעגעבן די פּינצטערע גרוסן פון טויט און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס זיינען דאַן שוין דערגאַנגען אַהער: דערביי האָט אויפגעציטערט ביי יעדן אַן אומרואיקע סטרונע פון זאָרג און אפילו פאַרצווייפלונג אויף דעם גורל פון די אייגענע, פון משפחות, עלטערן, אייגן בלוט און פלייש.

און... מ'איז אַריבער צו די טעגלעכע ענינים פון יעדן באַזונ־דער, פּרנסה־זאָרגן, דאגות וועגן די קינדער, וואָס הויבן אָן אונטער־

וואַקסן; געזונט, וואָס פאַנגט שוין אָן אונטערצוהינקען... און אַ ביסל רכילות וועגן אַנדערע מענטשן, האָט אויך נישט געפעלט.

אַזוי צעשמועסט מען זיך וועגן מאַכן אַמעריקע... דער און יענער האָט עס גאָר גיך באַוויזן, ממש אַ וווּנדער. איצטער וועט אים שוין ניט אָנשטיין, זיך צו זעצן נעבן אונדז... און זייערע ווייבער זיינען געוואָרן — מאַדאַמען, זיי דערקענען שוין נישט קיין מענטשן, ווי גיך דאָס געלט פאַרענדערט עס... און מען רעדט ווייטער וועגן — אויס־טויגערס, פייאיקע לייט, און אויף זיך — רופט זיך אָפּ איינער: מיר טויגן צו גאָרנישט.

דעמלט האָט זיך איבערגעקערט פּונעם זאַמד דער שוסטער־לאַ־טוטניק הירשקע טאַלהיימער (ער האָט עפּעס אַ יעקישן נאָמען) און רופט זיך אָן אַזוי צו זאָגן:

— אָט הערט אַלע! אין 10 יאָר אַרום וועט שטיין אַ שווייצער ביי מיין טיר!

אָפּגעזאָגט און ווידער איבערגעדרייט זיך מיטן פּנים צום זאַמד, עלאָזט אַז די זון זאָל אים אַ בראָט טאָן די פּלייצע.

* * *

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז צוגעפאָרן אַ צעשאָקלטער „קאַ־מיאָן" צו הירשקעס איין־צימערדיקער וווינונג. מ'האָט אויף אים אַרויפגעשליידערט דאָס ביסל בעבעכעס, צוזאַמען מיטן ווייב און די קינדער, אַ טרובע געטאָן און זיך געלאָזט אויסן שטאָט.

ס'איז הירשקען געווען אייגנטלעך אַליק איינס — אין וועלכער פּראָווינץ־שטאָט זיך אָפּצושטעלן, ער האָט עס געלאָזט, אַז דער שאָ־פער אַליין זאָל דעצידירן. (דער שאָפער — אַ פריילעכער געלער ניבול־פּהניק — ער איז נאָך היינט איינער פון די געציילטע יידישע „קאַ־מיאָן"־פירער). ער האָט שוין געמאַכט מערערע אַזעלכע רייזעס אוי־

קער די וועגן פון לאַנד, און ער האָט טאַקע באַשטימט — זאָל עס זיין אַ שטעטל ביי סאַך־כאַסע, אַ ווייל שטעטל, עס צעוואַקסט זיך איצט מיט פליישׁ און מיט וואָל און מיט אַלע זיבן זאַכן.

ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסזען, האָט הירשקע געפאָלגט. איי־רונט געוואָרן, איז אומעטום איין וועלט.

די ערשטע צייט איז אים געווען גאָרנישט לייכט. דאָס ווייב האָט געוויינט און פאַרשאָלטן דעם טאָג וואָס זיי האָבן זיך אַרויס־געצויגן פון מאָנטעווידעאָ, ווו נאָך אַלעמען — מ׳האָט געמאַכט אַ לעבן. און איצט פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַ העק; די קינדער לויפן אַרום שמוציקע אויף דער בלאָטיקער „פלאַסע״, און דער מאַן, ס׳הייסט — הירשקע — האָט גאָר צו טאָן מיט די אַרומיקע „עס־טאַנסיעראָס״ די פריצים, ער האַנדלט עפּעס ביי זיי חזיר־האָר, ביינער, פליישן... ער פאַרט אָפּט אין שטאָט — פאַרבינדט דאָרט אַן עק מיט אַן עק, ס׳הייסט אַ גוטבאַזיצער מיט אַ סוחר, באַקומט דערפאַר אַ „קאָמיסיאָן״, ווערט אַליין אַ שותּף צום האַנדל. דערצו עפּנט נאָך דאָס ווייב אַ געוועלבל — מיט דאָס און מיט יענץ, אַ נאָזטיכל און אַ זאָק, אין אַ יאָר אַרום, אַ ניי־מאַשין און אַ מאָטאָציקלעט, אין עטלעכע יאָר אַרום — אַ טראַקטאָר און אַ מאָטאָר־שיפל צו שווימען איבער דער שטעטלשער אָזערע...

פאַראַיאָרן, דאָס הייסט, אין 1957, האָב איך באַקומען אַן איינ־לאַדונג צו אַ חנוכּת הבית פון אַ פּאַלאַץ אויף בולוואַר אַרטיגאַס נעבן דעם גאָלף־קלוב, און זי איז געווען געחתמעט פון הערמאַן טאַל־היימער.

בין איך געגאַנגען. אויפן חנוכּת הבית האָב איך זיך געטראָפן מיט דער גאַנצער גרופּע פּליאַזשע־מענטשן. אַלע זיינען זיי געווען פאַרבעטן.

דאָס הויז — אַ זיבן־שטאָקיקס, מיט די סאַמע מאָדערנסטע איינריכטונגען, מיט אַ ווינדע וואָס עפנט זיך בלויז פאַר בליק. איר גיט אַ קוק — עפנט זי זיך.

און אינעווייניק, איך אַפּאַרטאַמענט פון אונדזער פריינט הירש־קע, איז גאָר גרויסאַרטיק — מיט קאַמינען (אַביסל צו פיל קאַמינען!).

ביים גלעזל וויסקי, האָט מען, ווי דער שטייגער, געהאַלטן טאָסטן. און הירשקע־הערמאַן האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר אונדז — פאַרוואָס פון יענעם שמועס אויף דער פּליאַזשע איז אַריבער פערצן יאָר, און נישט צען, ווי ער האָט צוגעזאָגט.

נאָך דער שמחה, ביים פאַנאַנדערגיין זיך, האָבן מיר באַמערקט, ווי ביי דעם הויפּט־אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַן אוניפאָרמירטער, עלעגאַנטער „שווייצער ביי דער טיר".

# אַ באַנקעט

דער צווייטער פּראָסעקרעטאַר פון דער דריטער קאָאָפּעראַ־טיווע, איז צייטיק געוואָרן פאַר אַ באַנקעט.

ערשטנס — ווערט ער אַ בן־חמישים, צווייטנס — איז זיין בת־יחידה כמעט אַ כלה געוואָרן פאַר דעם כמעט־דאָקטאָר כואַנסיטאָ בלימלער, און דריטנס — גייט אים לעצטנס זייער גוט אין קאָרטן. ס׳הייסט — נישט אַזוי אים, ווי זיין ווייב... אַי שפּילט זי!

אויסצורעכענען אַלע מאָטיוון, וואָס דער אויבנדערמאָנטער פּראָ־סעקרעטאַר, לויטן נאָמען — מאַנפּרעדאָ בייגעל (נישט בייגל) — האָט, אַז ער זאָל ווי געהעריק געפייערט ווערן, וואָלט עס אונדז צו פיל פאַרצויגן... מיט איין וואָרט — ער איז צייטיק געוואָרן פאַר אַ באַנקעט. פאַרשטייט זיך, אַז עס ווען אים קומען באַערן וויכטיקע פּערזענלעכקייטן אויך, אויסער זיינע געוויינלעכע גוטע ברידער.

אַזוי האָט ער אָנגעטאַפּט ביים סעקרעטאַר (שמש) פון רב, צי וואָלט מעגלעך געווען ער זאָל באַשיינען זיין שמחה... נאָך אַלעמען קען ער זיך דערלויבן...

ער האָט אויך פאַרבעטן וועמען פון דער „אינטעליגענץ", אין דעם פאַל — דעם „אַוויסאַדאָר" (אַנאָנסן־אויפנעמער) פון דער צײַ־טונג. ער וועט דאָך נישט גיין איינלאַדן עפּעס אַ שרייבערוק...

קורץ: מ׳האָט אַריינגעגעבן דעם גוט־באַצאָלטן אַנאָנס אין דער צייטונג, מיט אַ פאָטאָגראַפיע, פאַרשטייט זיך. מ׳האָט באַפוילן

דורכזאָגן עטלעכע טעג דורך אַלע דריי יידישע ראַדיאָס, זעקס מאָל אין יעדער אוידיציע... אַז... אַז און אַזוי ווייטער.

און די גאַנצע שטאָט איז געווען צופרידן און גליקלעך: מאַנפרעדאָ בייגעל, דעם באַקאַנטן, איבערגעגעבענעם געזעלשאַפטלעכן טוער, ווערט איינגעאָרדנט אַ באַערונג.

ס'האָט געהייסן, אַז דאָס פאָלק, די געזעלשאַפט רייסט אַזוי איין ווערלטן, אַז דער באַנקעט זאָל געמאַכט ווערן. פיין. זייער פיין.

אָט זיצן שוין אַ פאָר הונדערט מענטשן אין מאָדערניסטישן סאַלאָן פון דער אַלט־נייער קאָנגרעגאַציע. און עס פליען רעדעס — אַ פייער!

וואָס האָט מען עס נישט אויסגערעדט אויף מאַנפרעדאָ (אַמאָל — מענדל) בייגעל, (מיט אַן עין, נישט בייגל). אַ מדבר, דוכט זיך, וואָלט אָנגעהויבן בליען פון די שבחים... אַז ער איז — דער גרויסער... דער זעלטענער... אַז אין זיין זכות לעבט דער יידישער ישוב אין אורוגוויי און נישט נאָר אין אורוגוויי — נאָר אין גאַנץ דרום־אַמעריקע; אַז מאַנפרעדאָ בייגעל און אַלבערט איינשטיין — זיינען עס די גרויסע זין פון אונדזער פאָלק, און נאָך, און נאָך...

אַז מאַנפרעדאָ צוזאַמען מיט זיין אשת־חיל, זיין ליבע פרוי האָרטענסיאַ, זיינען געזעסן אויבנאָן און פשוט צעגאַנגען, ווי אייזקרעם, פון די אַלע זיסע רייד, דאָס פאַרשטייט איר שוין אַליין... אָ ווי גוט די געזעלשאַפט באַצאָלט די יעניקע, וועלכע זיינען זיך מקריב פאַר איר!...

אָבער דאָך — אַ שטיקל דיסהאַרמאָניע האָט זיך געמוזט אַריינכאַפן אויף דעם דאָזיקן געטלעכן אָוונט אויך. (אָ, כ'האָב גאָר פאַרגעסן איבערצוגעבן דעם מעניו פון דער וועטשערע!) — ווען עס איז געקומען די צייט ווען דער באַערטער באַקומט דאָס וואָרט — צו דעקן, אַזויצוזאָגן, די גאַנצע שמחה, און מאַנפרעדאָ האָט זיך אויפגעשטעלט, געזוכט אין איין קעשענע, אין דער צווייטער — די רעדע,

וואָס דער טעכנישער סעקרעטאַר האָט פאַר אים אויפגעשריבן — און ער האָט זי נישט געקענט געפינען, איז אים נעבעך געוואָרן זייער קאַלעמוטנע... זייער קאַלעמוטנע...

אין פאַרלעגנהייט האָט ער בלויז באַוויזן אַרויסצוקלאַקאָטשען: כ'בין אַ פּראָסטער יינגל, אַ פּראָסטער יינגל... (דער שרייבער פון די שורות האָט עדות, אַז די דאָזיקע ווערטער זיינען עס געווען!).

דער עולם האָט אויפגעכאַפּט מיט גרויס באַגייסטערונג די... רעדע און האָט וואַרעם אַפּלאָדירט.

וואָס עס האָט זיך געטאָן דערנאָך אין שטוב פון באַנקעטירטן — האָב איך דאָ נישט קיין פּלאַץ צו באַשרייבן. כ'האָב שוין אַזוי אויך אַריבערגעכאַפּט.

זיין ווייב, נעבעך, האָט געוויינט, געקראָגן די היסטעריקע... די טאָכטער, פאַרקערט, איז געווען צופרידן... אפשר וועט מען איר שוין מער נישט דרייען אַ קאָפּ מיט דעם „דאָקטאָר"... איר יינגל, וואָס גייט אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און וואָס גרייט זיך עולה צו זיין — איז איר טויזנט מאָל ליבער... טויזנט מאָל ליבער.

# די איבערקלייבערן

אַ מעשה וועלן מיר אייך דערציילן וועגן אַ מיידל, וואָס קען זיך נישט צוקלייבן קיין חתן, און דערפון נעמען זיך אַ סך פאַרשיידענע קאָמפּליקאַציעס, און וואָס באַרירן דירעקט צי אומדירעקט שיער ניט אַ האַלבע וועלט.

און פּאַרלאָפן איז די דאָזיקע שיינע געשיכטע ביי אונדז, אין דער גרויסאַרטיקער שטאָט מאָנטעווידעאָ, ווו ס'קומען בכלל פאַר שיינע זאַכן צו באַשרייבן, אָבער קיינער נעמט זיך נישט צו דעם, ווייל שרייבעריי איז לעצטנס שטאַרק אַרויס פון דער מאָדע און די גרויסע שרייבערס זיינען — אָדער אויסגעשטאָרבן, אָדער זיי האָבן זיך באַצייטנס גענומען צו אַנדערע פּרנסות, וואָס ברענגען אַריין אי מער כבוד און טאַקע אויך האָס אָן וואָס מ'קען זיך נישט באַגיין אין אונדזער זינדיקער וועלט.

ביי אונדז אין שכנות וווינט זיך שוין פון כמה יאָרן, אַ באַר שיידענע פאַמיליע, מיט עטלעכע טעכטער און זין, ריכטיקער — דריי טעכטער און צוויי זין. האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז דער בכור איז גאָר אַ טאָכטער, ס'הייסט — אַ בכורטע. און עס איז נאַטירלעך, אַז חתונה זאָל האָבן פריער די עלטסטע, און דערנאָך די ווייטערדיקע. ווארום גיי גיב אויס קינדער ווען די עלטערע זיצט נאָך, ס'איז גאָר־נישט קיין שטייגער.

האָבן אָנגעהויבן שדכנים אָפּקלאַפּן די טירן, ווי מען זאָגט, — די בעסטע יינגלעך, געעדיקטע און נישט אינגאַנצן קיין גע־

ענדיקטע, דאָ געבוירענע און גרינע, אָרעמע און רייכע, שיינע און נישט אַזעלכע שיינע — קאַנדידאַטן אויפֿן טוץ.

אָבער אונדזער ערשט־ראַנגיק כלה־מיידל, וואָס איז שוין נישט ערשט פֿון נאָדל אַרויס, איז זייער קאַפּריזנע און אַ גרויסע איבער־קלייבערין: אויב יענץ יינגל וויל איר — טראַכט זי זיך — מסתמא האָט ער דערביי כוונות, מסתמא ווייסט ער, אַז זי האָט אויף איר נאָמען אַ הויז און אַז אויסערדעם האָט נאָך אַ רייכער פֿעטער צוגע־זאָגט פֿיינע עטלעכע טויזנטער — וואָרום ווען נישט דאָס — וואָס רייסט ער זיך אַזוי מיט איר חתונה צו האָבן, אַז קיין גרויסע יפֿת־תּואר, ווייסט זי — איז זי נישט און אירע פּופּצן יאָר האָט זי גע־פּייערט ווען די מלחמה האָט נאָך אָנגעהאַלטן (קיינער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון פֿון דעם) — דער פּרעטענדענט האָט זיכער קרומע געדאַנקען, און אויף אַן איידעלן אופֿן ווייזט מען אים די טיר.

אַ צווייטער בחור, זעט אויס, איז איר שוין יאָ געפֿעלן געוואָרן. מ׳גייט שוין אַרויס צוזאַמען. אָבער נאָכן לעצטן מאָל גיין אין קינאָ, ווען אויפֿן עקראַן האָט מען געוויזן אַ קאָוו־באָי־פֿילם, מיט די אמתע רייטער און פֿערד, — מאַכט דער בחור צו אונדזער מיידל, באַוווּנ־דערנדיק אַ שיינעם סוס — אָבער דו ביזט שענער פֿון אים...

דערהערנדיק אַזאַ קאָמפּלימענט, האָט אונדזער צוקונפֿטיקע כלה, פֿאַרלאָזט דעם קינאָ, איבערלאָזנדיק דעם יינגל מיט זיינע פֿערד.

אויך פֿון דעם פּרעטענדענט איז גאָרנישט געוואָרן.

אַ דריטער קאַנדידאַט האָט אָפּגעשניטן נישט בעסער, ווען ער האָט אין מיטן ספּעקטאַקל אין טעאַטער אָנגעהויבן צו כראָפּען אויף באַנומענע קולות. די אַקטיאָרן אַזש זיינען דערציטערט געוואָרן.

עס זיינען געווען נאָך און נאָך אַזעלכע ענלעכע פֿאָרפֿאַלן מיט די פּרעטענדענטן אויף אונדזער שיינער בת־מלכה. און חתונה האָבן מיט זיי — האָט זי, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקענט.

אין שטיב ביי איר טוט זיך אָבער חושך. עס פּראָטעסטירן די אַנדערע צוויי טעכטער, וואָס זיינען פֿאַר דער צייט אויך געוואָרן

ראוי לחופה. די זין האָבן שוין אויך כלות, אָבער קענען נישט חתונה־האָבן ביז וואַנען מ׳פּראַוועט נישט אַרויס דער עלטסטער, וועלכע איז, מ׳ווייסט ניט פאַר וועלכע מעשים־טובים, אַזאַ איבערקלייבערין.

און ניט נאָר די משפחה איז פאַראינטערעסירט אין אַ גיכן שידוך, נאָר אויך די שדכנים, די אונטערנעמער פון שמחות, און אַז איר ווילט, אויך די מוהלים, ווייל דאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט דער גאַנצער סדר־העולם. ווער ווייסט וואָס דאָ קען נאָך אַרויסקומען!

איז אויף אַ פאַמיליען־באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אויך עטלעכע ספּעציעל־איינגעלאַדענע פאַראינטערעסירטע צדדים, איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן — אַז מער וואַרטן קען מען נישט. דאָס מיידל דאַרף חתונה האָבן מיטן ערשטן בעסטן וואָס וועט איר אַנטקעגנקומען, אַזוי ווי אין דער מעשהלע מיט יענעם מלך, וואָס וועט שענקען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב און דערצו נאָך אַ האַלבע מלוכה אַלס צוגאָב — דעם ערשטן דורכגייער פאַרביי זיין שלאָס.

און אַזוי איז טאַקע געווען. מ׳האָט דאָס מיידל חתונה געמאַכט „אויף בלינד” פאַרן ערשטן־בעסטן, און ווי מיר הערן — לעבן זיי זיך גליקלעך און צופרידן, זיי האָבן שוין אפילו אַ קינד אויך.

# דער געלער חיים

מיר וועלן אייך דערציילן אַ מעשה וועגן אַ יידן, וואָס האָט צוויי שוואַכקייטן — איינס: אַ ליבשאַפט צו חזנות, און צוויי — אַ שנאה צו מדינת ישראל.

וועט איר זיך דאָך וווּנדערן — ווי קומט עס אַזאַ צונויפפּאָרונג פון „שוואַכקייטן" ביי איין און דעם זעלבן מענטשן? — וועט אייך דער שרייבער ענטפערן עפנטלעך און אַנטשלאָסן, אַז ער טראָגט נישט קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מענטשן וואָס דאָס לעבן שאַפט. זיינע הענט זיינען ריין פון זינד. עס איז דאָ אַזאַ מענטש — נאָט אייך אים, און פאַרטיק!

פונדעסטוועגן, אַז מיר וועלן וועלן זיך גוט פאַנאַנדערקלייבן אין דער „היסטאָריע" פון דעם „העלד" איז מעגלעך, אַז אונדז זאָל קלאָר ווערן געוויסע זאַכן, וואָס איצט קוקן מיר אויף זיי מיט אויפגעריסענע אויגן און פאַרשטייען נישט אַ האָר.

גוט. אונדזער בעל־דבר הייסט „חיים דער געלער" אַזוי רופן אים אַלע. מסתמא דערפאַר וואָס קיין ברונעט איז ער נישט.

האָבן האָט ער זיך אַ גאַנץ פיינע פרנסה, אָבער אַ זויערע. נעמלעך — ער זייערט איין אוגערקעס, פעפערלעך, „אַסייטונאַס", „ראָילמאָפּסן", — היגע פישלעך, וואָס מ'רופט זיי — „לאַטשאָס", וואָס אין דער מלחמה איז ער שיער נתעשר געוואָרן פון זיי, ווייל זיי גייען אָן פאַר הערינג. און אין דער מלחמה האָבן די ימען נישט געגעבן קיין הערינג — דאָס ווייסט איר דאָך. און ער פירט עס פאַנאַנדער אין זיין צעשאָקלטער טאַראַטאַיקע איבער די געוועלבלעך מיט אַ ייִדישער קליענטעלע. און פרנסה, ווי געזאָגט, איז ברוך השם פאַראַן.

דאַכט זיך אַ האַלבע שטאָט קען אים, און מיט יעדן האָט ער ליב צו שמועסן אויף זיינע צוויי באַליבטע טעמעס: חזנות און מדינת ישראל. מילא, וועגן חזנות הערט מען אים אויס — דער און דער חזן האָט אַוועקגעלייגט אַ דאַווענען, מיט אַן „אדון עולם", איז עס געווען אַ חורבן. איר האָט געדאַרפט הערן, ווי אַ יאָסעלע ראָזענבלאַט, אָדער אַ מאַלאַווסקי מאַכט עס, אָדער גאָר אַ משה עושר. ער האָט ביי זיך אין שטוב אַ גאַנצן דיסקאָטעק פון די בעסטע און ערשטקלאַסיקע חזנים, צווישן זיי אַ ריכאַרד טוקער, אַ דזשאַן פירס, און וועמען נישט?

אַז עס האַלט ביי חזנות, הערן אים אויס זיינע קליענטן, די באַלעבאַטים פון די געוועלבלעך, כאָטש קיין סך צייט פאַר דעם האָבן זיי נישט, אָבער אַז ער גייט אַריבער צו מדינת ישראל, מיט זיינע „אייזערנע אַרגומענטן" פון ייִדישן אימפּעריאַליזם, מיט ענגלאַנד און אַמעריקעס שותּפות, און אַז אָט־אָט באַלד וועט זיין דער בראָך. דער „באַפרייער נאַסער" וועט מיט די ייִדעלעך לערנען בלק — קערן זיך די ייִדן אוים מיטן פּלייצע צו אים, און מ'ענטפערט אים אפילו נישט, וואָרום וואָס איז דאָ צו ענטפערן — אַ מענטש זאָל זיין אַ שונא זיין אייגענעם פאָלק. מ'קוקט אים אַמאָל אָן מיט אַביסל רחמנות, ווי ער וואָלט געווען חסר־דעה, און מ'זאָגט אים: גייט חיים, זייערט אוגערקעס, און די דיסקוסיע איז מיט דעם פאַרענדיקט.

ביי אים אין שטוב, איז ער אָבער אויפן פערד. דאָרט מאַכט ער חרוב צען מאָל אַ טאָג די ייִדישע מדינה. און זיין ווייב שאָקלט צו

מיטן קאָפּ און אַ שכנה פון דערביי, זאָגט — טאַקיש, טאַקיש... דער־נאָך עפנט ער דעם פּאַטעפּאָן און עס טאַנצט אַרויס אַ שטים, אַ מחיה צו הערן: אַדוּשם, אַדוּשם, אל רחום וחנון...

פרעגט אים אַמאָל אַ צופעליקער גאַסט: זאָגט נאָר חיים, איר, וואָס איר זייט אַזאַ „לינקער" — זאָלט זיך גאָר קווייקן מיט די רעאַק־ציאָנערע חזנישע געזאַנגען? — ס'איז עפּעס נישט אין דער טבע.

גיט שוין חיים דער געלער, עטלעכע אויפקלערונגען: ער שטאַמט פון שמשים. זיין טאַטע איז געווען דער שמש פון דער באַרימטער קאָרשונער שול, און אַז איר ווילט וויסן מער — זיין זיידע איז גע־ווען דער באַוווסטער בדחן יענקעלע צימבאַליסט, און זיין עלטער־זיידע איז געווען דער לאַנד־שדכן פון גאַנץ קרויז־פוילן און אַ שטיק ליטע — איז ווי אַזוי ווילט איר — ער זאָל נישט ליב האָבן קיין חזנות.

און וואָס שייך זיין שנאה צו ישראל, קענט איר ביי אים אויך קריגן אַ דערקלערונג: אין די יאָרן אַכצן־ניינצן (ער אָפּעריִרט שטענ־דיק מיט אַזעלכע ציפערן — אַכצן — ניינצן, אָדער ניינצן — אַכצן), איז ער געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער, און פון דאַן אָן האָט ער פיינט ציוניסטן מיט לשון קודש און מיט אַלע אימפּעריאַליסטן, און איז אַ פריינט פון די אונטערדריקטע אַראַבער, וואָס ליידן נעבעך פון די ציוניסטישע געלט־זעק. אַזוי שרייבן זיינע בלעטער און ער גלויבט אין דעם און ס'איז נישטאָ אַזאַ איינער וואָס זאָל אים קענען איבער־צייגן, אַז דאָס איז אַלץ נאַרישע פּלוידעריי און דעמאַגאָגיע.

צו זיין ביטערקייט אויף דער מדינה האָט נאָך צוגעשפּילט נאָך עפּעס, אַ פּריוואַטער מאָמענט: זיין איינציקער זון, אויף וועלכן ער האָט געלייגט אַזויפיל האָפענונגען אין הינזיכט פון פּרנסה־זאַכן, ער האָט געוואָלט מיט אים אויסברייטערן זיין „פאַבריק", מאַכן אַן אָפּטיילונג פאַר קאָנסערוון — איז פּלוצים פאַרכאַפּט געוואָרן פון

דער „אימפעריאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע" און איז אַוועק קיין ישראל אויף דאָרט צו בלייבן.

אין מחשבה איז ער אָפּגעזעסן נאָך אים שבעה (ער וועט עס דאָך נישט גיין טאָן בפּועל ממש) און זיין האַס אויף דער יידישער מלוכה איז געוואָרן ביי אים נאָך גרעסער. זאָל דער אויבערשטער זיך מרחם זיין אויף אים.

# יונגע פּאָרלעך

אָט גאָר נישט לאַנג, מיט אַ צען־פופצן יאָר צוריק, זיינען זיי נאָך געגאַנגען אין די קורצע הויזן, און די מיידלעך האָבן זיך נאָך געשפּילט מיט ליאַלקעס. מ'האָט זיי געשיקט אין די שולן, אויך אין די יידישע שולן, געזונגען לידלעך, אָפּגעטאָן שקאָצערייען, ווי דער שטייגער איז, און הייגט זיינען זיי שוין יונגעלייטלעך.

אין די קלובן פון אַלע ריכטונגען, נאַציאָנאַלע און אַנטי־נאַציאָנאַלע, האָט מען, צווישן אַנדערע גרויסע זאַכן, זיך אָפּגעזוכט באַשערטע. עס זיינען לאַנגזאַם אַנטשטאַנען זיווגים. אַ מיידל מיט אַ יינגל. אַ שיין יינגל אָפּט, ווי עס טרעפט, מיט נישט אַזאַ שיין מיידל. און אַ ביז גאָר שיין מיידל — מיט אַ יינגל, וואָס איז נישט אַזאַ פּאַרשוין.

ס'האָט זיך אויסגעמישט די סאָציאַלע לאַגע: רייך מיט אָרעם, אָרעם מיט רייך. יוגנט ווייסט נישט קיין חשבונות. ליבע קאַלקולירט נישט.

און מ'האָט געבראַכט די באַשערטע צו די עלטערן: מאַמע, דאָס איז מיין חתן! אָדער, טאַטע — דאָס איז מיין כלה!

די מחותנים האָבן זיך אָנגעהויבן באַקאָנען, אָפטמאָל געדרייט מיט די נעז — ס'איז זיי נישט אַזוי אָנגעשטאַנען דער שידוך. אָבער די קינדער זיינען די וואָס האָבן צו זאָגן!

מ'האָט דערנאָך געפּראַוועט גרויסע פאַרלאָבונגס און אין אַ שטיקל צייט אַרום — נאָך גרעסערע חתונות אין גרויסע געדונגענע

פּאַלאָנעז. מ'האָט זיך דערבײַ אָפּטמאָל אָנגעחובט, געשריבן ווערסן־לעך, אַבי עס זאָל זײַן ווי בײַ לײַטן.

די ייִדישע חתונות האָבן דאָך שוין אַ שם און נישט נאָר בײַ ייִדן, מיט זייער ברייטהאַרציקייט, קלעזמאָרים, געפּילטע, געבראָטענע און אין עסיק־אײַנגעשטעלטע פיש, מיט די פעטע קאַטשקעס און פּאַרפעלער, קאָלירטע מאַראָזשענע און פאַלשן סידראַ־שאַמפּאַניער. און אויך מיט דעם, וואָס בײַם סוף פון דער שמחה פאַרשווינדן חתן־כלה מיט די רעזערווירטע באַן־שיף־ און אַוויאָן־בילעטן אויף זייער לוסט־רייזע, דעם האָניק־חודש.

פאַרשטייט זיך פון דעם גאַנצן הוהאַ קומען אָפּט אַרויס זיווגים אײנע אין דער וועלט, אידיליעס, וואָס אין קינאָ טרעפט מען עס ניט. אָבער עס טרעפן לײדער פאַלן ווען אין אַ שטיקל צײַט אַרום לויפט מען שוין נאָך אַ גט, גאַנצע טראַגעדיעס, וואָס פאַלן באַזונדערס שווער אויף די עלטערן פון יונגן פּאָרל.

עס טוט זיך חושך אין די הײַזער פון די איבערגעאײַלטע מחותנים, איין צד באַשולדיקט דעם צווייטן, און עס איז זיי גאָרנישט צום האַרצן, און עס פאַרדריסט זיי — גראָד זיי האָט עס געדאַרפט טרעפן!

די טאָכטער פון דעם גרויסן מעבל־פאַבריקאַנט, האָט זיך פאַרליבט און חתונה געהאַט מיטן שיינעם זון פון אַן אָרעמאַנסקן בעל־מלאכה, אַרט עס אים נישט. דער פאַבריקאַנט אַליין איז אַ שטיק עמך, אָבער אַז אין אַ יאָר אַרום, נאָכדעם ווי עס איז געבוירן געוואָרן זײַן ערשט אייניקל, האָט דער שיינער איידעם, ווען ער האָט אַרײַנגענומען אין געשעפט און אין זײַן רייך הויז, האָט פאַרלאָזט זײַן טאָכטער מיטן פּיצל קינד, דערצו נאָך, שמועסט מען, מיט אַ גרויסער סומע געלט, און איז אַוועק קיין בוענאָס איירעס מיט זײַנס אַ חברטע פון די שול־יאָרן, וואָס זי, פון איר זײַט, האָט אויך איבערגעלאָזט דעם מאַן מיט אַ פּיצל קינד — האָט מען עפּעס געדאַרפט טאָן. נאָך אַלעמען איז די וועלט דאָך נישט הפקר!

מ'האָט דעם עטין איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי — מ'זאָל אָפּזוכן — אין די ראַמען פון עקזיסטירנדיקן געזעץ צווישן ביידע לענדער — דעם געלט־פאַרכאַפּער און מ'זאָל אים ברענגען אַהער. פופצן טויזנט פּעזעס איז אַ קענטיקע סומע און ס'איז כדאַי מ'זאָל זיך מיט איר פאַרנעמען.

און די מחותנים פון אַלע פיר צדדים, (ווייל צוויי פּאָרלעך) גייען אַרום אָן קעפּ. דאָ קרעכצט די פאַרלאָזענע יונגע פרוי, און דאָרט דער פאַרלאָזענער יונגערמאַן — און ביידע האָבן קינדער, צעבראָכענע פאַמיליעס, און זייער צער איז זייער גרויס.

דערווייל האָבן די אַנטלאָפענע יונגט־פאַרליבטע, זיך אָנגעזעטיקט מיט זייער אַוואַנטורע, אויסגעגעבן ביז אַ סענט דאָס (צוגערויבטע — פע, אַ מיאוס וואָרט) געלט און אפשר זיך אויך פאַרבענקט נאָכן געלאָזענעם קליינוואַרג, און ווען די פּאָליציי איז געקומען נעמען דעם באַלעבעסל, איז עס גאָר געווען אַ גליקלעכער אויסוועג.

מ'האָט אים געבראַכט צוריק קיין מאָנטעווידעאָ (ער איז געזעסן עטלעכע וואָכן אין תפיסה מיגעלעטע). דאָס אַנטלאָפענע ווייבל איז שוין אויך צוריקגעקומען און נאָך דעם ווי די צדדים האָבן זיך אַריינגעלייגט אין שלום, באַזונדערס די פאַרלאָזענע יונג ווייבל און יונגערמאַנטשיק, וואָס האָבן ליב זייערע באַשערטע אפילו איצט נאָך דער טיפער באַליידיקונג, — איז טאַקע געוואָרן שלום און אַ שלוה און אַ רואיקייט הערשט אין די גאַנץ־געוואָרענע יונגע משפחות, הלוואי אויף לאַנג און אויף שטענדיק, אָמן.

## וו איז יושר?...

אַ שידוך צווישן שניידערס און שוסטערס — איז דאַכט זיך אַ גלייכער שידוך? דער יחוס מעג זיי ביידן אָנשטיין, דערצו נאָך ווען מען איז סתם פיינע לייט, אָנשטענדיקע מענטשן.

איין משפחה איז קיין עך־הרע געבענטשט געוואָרן מיט גאָלע טעכטער און די צווייטע — מיט גאָלע זין. עס זעט אויס, אַז דער רבונו של עולם פירט זיין וועלטל מיט אַ חשבון: נאַ דיר זין, און דיר — טעכטער, און זייט זיך מתחתן — און זאָלן זיין שמחות ביי יידן, ווייל ס'איז נישטאָ קיין בעסערע זאַך פאַר אַ לאַנג לעבן, ווי שמחות.

און געטראָפן האָט אונדזער מעשה אין ווישאַ מוניאָז, דאָרט ווו עס טרעפן געוויינלעך אַלע שיינע געשיכטעס. (איך דערמאָן זיך, אַז אונדזער באַרימטע העלדן סעניאָראַ האָרטענסיאַ — האָט בפירוש פאַרבאָטן אירע טעכטער צו קומען אין ווישאַ מוניאָז, צו די יענטעס און יאַכנעס, און אונדזערער אַ גוטער פריינט, אַ מיטגליד פון אַ יידי־שער אַרבעטער־פאַרטיי, האָט געהאַט טענות למאי איך פאַרשוואַרץ דאָס פנים די אויפגעקומענע גבירנטעס און זייער „עלעגאַנטן" געשמאַק).

מיר ריידן וועגן שניידערס מיטלסטער טאָכטער עטעלע, וואָס איז אַ ווייל קינד ביז גאָר, און דערצו נאָך שיין, ווי מ'שרייבט אין די ראָמאַנען, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן און צאַרט ווי אַ בלום. עטעלע אַרבעט. נישט אין „טאַזשער" ביים טאַטן, נאָר ביי אַ צווייטן

שנייורער. זי איז אַ האַנטנייערן, און פאַרדינט נישט שלעכט, אַזוי אַז נאָך אַ פּעזע דאַרף זי נישט אָנקומען צום טאַטן, זי קליידט זיך אַזוי, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף איר. זי פאַרשמעקט ממש די גאַס.

דאָס דאָזיקע מיידל האָט זיך פאַרליבט אין דעם שכנס, דעם שוסטערס מיטלסטן זון. דניאלקע הייסט ער, און איז נישט אַבי־וועמער. אַ סטודענט אויף די לעצטע קורסן פון מעדיצין. ווען מען זאָל ריידן פון זיין אויסערלעכקייט, פון זיין אויסזען, איז ער אפשר נישט אַזאַ פאַרשוין. איין פּלייצע איז ביי אים אַ העכערע און די צווייטע, וואָס לויטן שכל וואָלט זי געדאַרפט זיין אַ נידעריקע — איז גאָר נאָך העכער פון דער ערשטער. די אונטערשטע ליפּ איז ביי אים אַ גע־שפּאָלטענע, און האָר אויפן קאָפּ האָט ער שטייענדיקע. ווי ביי אַ יאָזש. אָבער אין ליבע איז נישטאָ קיין קשיות. עטעלע האָט ליב דניאלקען, און דניאלקע האָט, אַזוי דאַרף מען עס פאַרשטיין, ליב עטעלען. זיי פאַרברענגען אָפט צוזאַמען. גייען אין טעאַטער, אויף קאָנצערטן. אַגב העלפט אים עטעלע אַרויס אין זיין שטודיום אויך. זי מאַכט אים מתנות פון די גאָר טייערע ביכער, וואָס ער דאַרף צו זיין שטודיום און אַנדערע אויסמערקזאַמקייטן וואָס קאָסטן געלט. און דאָס איז נאַטירלעך אויך. געליבטע דאַרפן זיך אַרויסהעלפן איינע די אַנדערע.

און די צייט גייט זיך איר גאַנג. אַן אַדורכגעגאַנגענער יאָר פילט זיך שווערער אויף די פּלייצעס פון אַ מיידל, ווי אויף אַ בחור. דער מע־דיצין־שטודיום איז אַ שווערער און ער פאַרנעמט אַ סך יאָרן. אָט איז שוין דניאלקע מיט גאָטס הילף אַ פּראַקטיקאַנט אין די שפּיטאָלן. ער פאַרדינט שוין אַ פּעזע פון געבן אַ נאָהל אויך. די צייטן, דאַכט זיך, ווערן בעסערע פאַר אים. ער האַלט שוין ביי די לעצטע עקזאַמענס. נאָך אַ שטיקל צייט און ער איז אַ דאָקטער, אַ פאָלנער דאָקטער, מיט אַ דיפּלאָם און מיט דעם געהעריקן נויטיקן אָנשטעל פון אַ פּראָ־פעסיאָנאַל. מען קען שוין קלערן וועגן אויפהענגען אַ בראָנדזענעם טאָוול אויף דער טיר.

אין לעצטן חודש, האַרט פֿאַר די לעצטע עקזאַמענס איז דניאל־קען עפּעס געוואָרן זייער אומגעדולדיק מיט זיין כלה. עס געפֿעלט אים נישט איר נײַ קלייד, דער אופֿן ווי זי גריכט זיך מיט מענטשן. אירע חברטעס זיינען פֿאַר אים געוואָרן נאַרישע געגנדז. פֿאַר יעדער קלייניקייט איז פֿאָרגעקומען ביי זיי אַן איבעררייד און דער קור־מענדיקער דאָקטער האָט זיך עטלעכע טעג איינגאַנצן נישט געוויזן.

און אין איינעם אַ שיינעם אָוונט האָט מען אים געזען שפּאַצירן מיטן מיידל פֿון רייכן שניט־סוחר. זיי זיינען געווען אַזוי צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי אַ גרויסע ליבע וואָלט זיי פֿאַרבונדן. זיי האָבן שוין אפֿילו געשמועסט וועגן פּראַקטישע זאַכן אויך, וועגן איינאָרדענען די קאָנסולטאַריע מיט דער גאַנצער עלעגאַנץ, און וועגן דער מאַרקע פֿון קאָטש, וואָס דער טאַטע, דער שניט־סוחר וועט קויפֿן פֿאַרן צוקונפֿטיקן איידעם.

עטעלע האָט זיך דערוווּסט פֿון די־אָ זאַכן. אַ גרויסע אַנטוישונג האָט זי אַרומגענומען. ס'איז פֿאַר איר געווען אַ טרויעריקע איבעראַשונג — ווי נידעריק מענטשן קענען עס זיין. און זי האָט אירע מחשבות איינגענייט מיט דער נאָדל אין דעם טאַשערל וו זי האָט געאַרבעט.

## די „סעניאָראַ האָרטענסיאַ"

וועגן דער דאָזיקער וויכטיקער דאַמע האָבן מיר שוין געשריבן אין אַן אַנדער מעשה.

זי איז נעמלעך די חשובע פרוי פון דעם באַקאַנטן צווייטן פּראָ־סעקרעטאַר, וואָס, אויב איר דערמאָנט זיך, האָט זיך געלאָזט אַזוי פייערן מיט אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט.

די פרוי האָרטענסיאַ (פון דער היים — האָדל) האָט די זייער געשעצטע שוואַכקייט פאַר עלעגאַנץ, פאַרן גרויסן סטיל.

אויף אירס אַ שמחה מוז זיך באַטייליקן כאָטש דער דריטער סעקרעטאַר פון דער ישראל־לעגאַציע. עס האָט שוין געטראָפן אַ פאַל, ווען אַזאַ סעקרעטאַר האָט נישט געקענט אָננעמען די איינלאַדונג, האָט זי פאַר נויט פאַרבעטן דעם „פּאָרטערא" פון יאַפּאַנישן קאָנסו־לאַט. אַבי עפּעס זאָל שמעקן מיט... מיניסטער.

אין יידישע אינסטיטוציעס קומט זי נאָר אין אַזעלכע, אין וועל־כע מען קען טרעפן די „פיינע" געזעלשאַפט, ס'הייסט עלעגאַנטע דאַ־מען מיט די גוטע טואַלעטן און די מענער דאַרפן דאָרט אויך זיין — גוט־אַרויפגעאַרבעטע, זיכערע, מיט אַ פעסטער פּאָזיציע אויף סאָ־ריאַנאָ. און די קאָרטן־טישלעך אין „אירע אינסטיטוציעס" דאַרפן זיין באַצויגן מיטן בעסטן פלאַנעל, און די באַדינונג דאַרף אויך זיין ווי ס'געהער צו זיין, מ'זאָל זיך אַליין פילן, ווי עפּעס אַ העכערער מענטש.

קורץ. די סעניאָראַ האַרטענסיאַ, וועמענס מיינונג וועגן זיך — אויף אַלע אונדזערע גוטע פריינט, און איר מיינונג וועגן אונדז — אויף אַלע וויסטע פעלדער. זי קען אָרגאַניש נישט פאַרטראָגן אַ מענטש מיט ווייניקער פון אַ פערטל מיליאָן. און זי איז גערעכט אויך. שטעלט זיך פאָר — אַ מענטש מיט ווייניקער פון הונדערט טויזנט — איז ער דען אַ מענטש? ווי האָט געזאָגט יהודה קלאַץ, דער אַקטיאָר? (זי ציטירט שטענדיק די אַקטיאָרן, ווי די העכסטע אויסדרוקן פון מענטשלעכן גייסט) — „אַ מענטש אָן געלט איז נישט ווערט וואָס ער לעבט אויף דער וועלט” — צום גראַם אויך.

מיר האָבן אייך שוין דערציילט, אַז די דאָזיקע פאַרנעמיקע פרוי (אַ פרוי מיט אַ פאַרנעם) האָט אַ טעכטערל, אַ מיידל, וואָס איז אַזוי ענלעך צו דער מאַמען, ווי אַ קאַץ צו אַ העלפאַנד. יאָ פאַרן דאָזיקן מיידל האָט די מאַמע שוין אויסגעקליבן אַ חתן מיט אַ בלעכל, דאָס הייסט אַ „טשאַפּע” פון אַ דאָקטאָר, ביי דער טיר.

וואָס דער חתן איז אַליין — שפּילט דאָ שוין נישט קיין ראָלע. וואָס, ער איז דען מיט צוויי קעפּ? אַ חתן ווי אַלע חתנים. דער עיקר איז די „טשאַפּע”, דאָס בלעכל, און אַזאַ איז שוין ברוך השם פאַראַן.

דאָס טעכטערל פון איר זייט, האָט זיך אויך געוויסע פּלענער וועגן איר צוקונפט. זי האָט גאָר ליב אַ פּשוטן יינגל, אַ מעכאַניקער, דאַכט זיך, וואָס קלויבט זיך עולה זיין. אַ יינגל אַ סאָסנע, בלאָנד און ליכטיק ווי די זון און טייער ווי דאָס לעבן.

אָבער סעניאָראַ האַרטענסיאַ וועט זיך דאָך נישט פאַרלאָזן אויפן צווייפלהאַפטן געשמאַק פון עפּעס אַ קינד, זאָל זיין אפילו איר טאָכ־טער.

און סעניאָראַ האַרטענסיאַ האָט „אַ וואָרט” אין איר הויז! (און אויך אין שטאָט). טרערן אַהער, טרערן אַהין — דאָס טעכטערל וועט מוזן גיין צו דער חופּה. (עס וועלן זיין פאַרבעטן עטלעכע סעק־רעטאַרן פון עטלעכע אַמבאַסאַדעס).

און אַזוי איז עס געווען. אַ חתונה מיט אַ קנאַק! זיבן הונדערט מיט פּופּציק איינגעלאַדענע געסט — אין פּאַרק־האָטעל. (מ'האָט אויך געקענט זיך אַריינכאַפּן אויף אַ ווייל אין דער רולעטע, און דאָס מזל האָט יעדערן צוגעשפּילט אין יענער נאַכט — אויסערגעוויינ־לעך!).

די רעליגיעזע צערעמאָניע האָבן דורכגעפירט אַ רב מיט אַ ראַ־בינער. פּאַר קלעזמאָרים האָט מען געבראַכט — כמעט אַ גאַנצן סימפּאָנישן אָרקעסטער. די שכנים, די גויים פון אַרום פּאַרק־האָטעל, האָבן אויסגערעכנט, אַז די חתונה צוזאַמען מיט די פרווישע טואַ־לעטן, דאָס זיידנס און די פוטערס — האָט באַטראָפן שיער ניט ווי דער גאַנצער בודזשעט פון דער מלוכה פאַר אַ גאַנץ יאָר.

נו, אָפּגעטאַנצט אַ חתונה, אָבער עס איז נישט גוט. ס'איז נאָך אַ גליק וואָס לויט די אורוגווייער געזעצן קען מען זיך אַזוי לייכט גטן. אָבער דערווייל האַלט נאָך נישט ביי דעם. דער גט קען קומען ערשט שפּעטער, ווען עס וועלן געבוירן ווערן קינדער.

יאָ, כ'האָב פאַרגעסן אייך פאָרשטעלן דעם נייעם באַלעבעסל.

— ווי איז אייער נאָמען, דאָקטאָר?

— כּאָאַקין בייקי... בייקי... בייקי... לעזוויטש!

— „גראַסיאַס"!

# אַ מאָדנע חתונה

אין אַ יידישן סאַלאָן איז פאָרגעקומען אַ מאָדנע חתונה. די כלה הייסט — בעטי דאַוויגליאַ ווידאַל; דער חתן — איזראַעל קאָדראָ־טענבערג.

די חתונה איז איינגעאָרדנט געוואָרן נישט ווי דער שטייגער איז, פון כלהס צד, נאָר — גאָר פון חתנס צד.

דער הער יאָסל ראָטענבערג האָט געוואָלט פראַווען אַ יידישע חתונה — ווי ס'געהער צו זיין, און זיינע מחותנים — די ווידאַלס — האָבן גאָרנישט געהאַט דאַקעגן.

האָט מען אָפּגעמאַכט מיט דער היימיש־באַרימטער סאַרווערין סאָניע פידלער, זי זאָל סערווירן אַ וויעטשערע פאַר 350 פּערזאָן, אַ וויעטשערע אַן אמת־יידישע, מיט אַ געזאַלצענעם טיש, מיט לעבער־לעך, געפילטע פיש, געבראָטן עוף, איינגעדעמפטע פערפעלעך, צונג, הערינג, פאַרשטייט זיך, מיט ציבעלעס, און כריין זאָל נישט פעלן, ווי עס פירט זיך.

מ'האָט אויך געדונגען קלעזמאָרים — דעם באַוווסטן אָרקעס־טער פון פּאָטשאָ ברייטמאַן, וועלכער ספּעציאַליזירט זיך אויף יידישע מאָטיוון, מיט אַ פאָרזינגער, טאַקע ער, פּאָטשאָ ברייטמאַן אַליין. אַלץ זאָל זיין לייטיש, ווי ביי אַלע יידן.

קיין רעליגיעזע צערעמאָניע איז נישט געווען. מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט דאָס פּאָרל לעגאַל חתונה געהאַט ביים ריכטער, זיך פאַר־שריבן, הייסט עס.

ווען אַלע זיינען שוין געזעסן ביי די טישן און מען האָט שוין טועם געווען פון ביסל שנאַפּס און פאַלשן וויסקי, האָבן זיך ברייט צעעפנט די טירן און חתן־כלה זיינען אַריינגעקומען באַגלייט פון די טענער פון מענדעלסאָנס חתונה־מאַרש, דער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט און מ'האָט אַפּלאָדירט.

צווישן עולם זיינען געווען געסט סיי פון חתנס צד, סיי פון כלהס צד.

די עטלעכע צענדליק גויים האָבן זיך גאַנץ פיין מהנה געווען מיט די יידישע מאכלים, די לעבערלעך מיט די פופיקלעך — און דאָס ביסל בראָנפן האָט אַלעמען דערוואַרעמט גלייך.

דער אָרקעסטער האָט געשפילט, דער פאַרזינגער האָט געזונגען די מאָראַלישע יידישע לידער און אויך העברעישע.

ס'האָבן אַפילו נישט געפעלט די באַרימטע „פליענדיקע טעלער", וואָס כאַפּן אויף פּעזעס פאַר פאַרשיידענע צוועקן, ווי אַ יידישע שול, אַ מושב־זקנים, (אויסער פאַרן קרן קימת — זיינען אַלע זאַמלונגען געווען דערלויבט...).

חתן־כלה זיינען געזעסן אויבנאָן, צערויטלט פון דער שמחה, פון אַלגעמיינעם הו־האַ — פון דער מוזיק, און פון דעם וואָס עס דאַרף נאָך קומען.

די געסט זיינען שוין געווען באמת פול, זאַט, מ'האָט אָפּגעראַמט די טישן, און אַלע פלעשער זיינען געבליבן ליידיק און די קעפּ — אָנגעלאָדן אַזוי ווי עס פּאַסירט.

דאָ רופט זיך אָן איינער פון דער כלהס קרובים, אַ פעטער, דאַכט זיך:

— אַמאָ קאָן טאָדאָ קאָראַסאָן אַ לאָס כודיאָס... פעראָ, פּאַראַ קע וויענען אַקאָ אַ סאַקאַרנאָס נועסטראָס ריקעסאַס אי נועסטראַס היכאַס?... (כ'האָב ליב מיטן גאַנצן האַרצן די יידן, אָבער פאַרוואָס קומען זיי אַהער צוצונעמען אונדזערע רייכטימער און אונדזערע טעכטער?...).

ביים טיש איז געוואָרן שטיל... עמיצער האָט זיך געקליבן אים צו ענטפערן. אָבער דאָ האָט דער אָרקעסטער אויפגעשפּילט און דער פּאָרזינגער איז אַרויס מיט זיין ציטערדיקן טענאָרל:

— בעלז... מיין שטעטעלע בעלז... און די מעלאָדיע מיט די ווער־טער, אַזעלכע האַרצרייסנדיק־יידישע — האָבן עס געטאָן ענטפערן אויף דער פראַגע פון גויישן מחותן.

ס'איז געווען אין געזאַנג דאָס אייביק־יידישע, דאָס מענטשלעכע — וואָס האָט שוין פון לאַנג אַלץ פאַרענטפערט.

עטלעכע מחותנים פון כלהס צד האָבן זיך אויפגעהויבן און פאַר־לאָזט דעם סאַלאָן.

# דריי בריוועלעך נאָדלען

אַ מעשה מיט דריי בריוועלעך נאָדלען.

דער פּרעזידענט פון אַ היגער אינסטיטוציע, ה' קלמן שוסטער, וועלכער, ווי ער זאָגט און מען שרייבט עס אַריין אין די ביכער, — שטאַמט אָפּ פון גרויסן יחוס, פון דעם הייליקן רש"י זצ"ל אַליין, פון טאַטנס צד, און פון ר' אליעזר בן הורקנס — פון דער מאַמעס זייט, (און דאָס וואָס זיינע אבות האָבן פון שטענדיק געהאַט די חזקה אויפן מרחיק ביי זיי אין פּויליש־ליטווישן שטעטל? — וועגן דעם רעדט מען נישט) — האָט געמאַכט אַ לוסט־רייזע קיין נאָרד־אַמע־ריקע.

אַזעלכע זאַכן טרעפן. האָט מען אים, ווי דער שטייגער איז, געמאַכט אַ גרויסאַרטיקן געזעגענונגס־באַנקעט. פינף פּעזעס האָט געקאָסט אַ טיקעט. און מען האָט נאָך אויך צונויפגענומען געלט אים צו קויפן אַ פּאַסיקע מתנה, וואָס ר'האָט עס כשר פאַרדינט (ס'רעדט זיך אַזוי). נאָר אַז עס איז געקומען צו די רעדעס, איז עס געווען גאָר־נישט קיין לייכטער עסק. — וואָרום וואָס זאָגט מען וועגן אַזאַ ייד, וואָס איז איז ער טאַקע אַ פּרעזידענט, אָבער די מעשים־טובים זיינע זיינען נישט קענטיק.

האָט איינער אַ קלוגיטשקער זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן, אַז ער האָט אויף זיין רעדע געאַרבעט אַ פּאָר שעה, אָבער ער האָט זי ליידער פאַרגעסן אין דער היים. זאָל מען אים מוחל זיין דערפאַר.

אַ צווייטער האָט געעפנט אַ הייזעריקן מויל און זיך אַנטשול־דיקט מיט אַ קול, וואָס מ'האָט קוים געהערט — אָ, איך האָב אַזויפיל

צו זאָגן וועגן אונדזער פּרעזידענט קלמן שוסטער, אָבער, זייט מוחל, די שטים דינט מיר נישט.

אַ דריטער האָט פּשוט געזאָגט: — ווי קען ערריידן אין דער אַנוועזנהייט פון רש"י'ס און אליעזר בן הורקנוס אוראייניקל... ער איז באַפאַלן געוואָרן פון דער טרעמע.

קורץ, קיין רעדעס זיינען נישט געווען, און דער בעל־דבר אַליין איז געבליבן גערירט פון אַלעמענס גערירטקייט, פון די געפילן, וואָס זיינען דאָ צו אים אַרויסגעוויזן געוואָרן.

דער אמת איז, אַז קיינער פון די אַנוועזנדיקע, האָט דאָך נישט געקענט דערציילן, אַז דער פּרעזידענט האָט געלאָזט איינמויערן אַ בראָנדזענעם טאָוול מיט זיין און זיין פרויס נאָמען, און דער אינסטיטוציע זיינער און דערביי נישט בייגעטראָגן מיט קיין סענט געלט. ער קלערט אַפילו, זאָגט מען, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ער זיך לאָזן מאַכן אין גערטנדל — אַ מאָנומענט, אויב נישט פאַר זיך, איז כאָטש פאַר זיין פרוי, און פאַרשטייט זיך — אויפן חשבון פון קהל.

ווי זאָגט אַ ווערטל? — וואָס פאַרא פאָלק, אַזאַ מלך. עס איז נישט אונדזער עסק.

יאָ, איז דער השובער ה' קלמן שוסטער, אָפּגעפאָרן אויף אַ לוסט־רייזע קיין נאָרד־אַמעריקע. — (די הוצאות האָבן געדעקט זיינע האַרטיקע קרובים), און ווי מען קען זיך פאָרשטעלן, האָט ער זיך נישט שלעכט געוויילט. ער איז דאָרט אויסגעווען אין אַלע פלעצער — ווו עס קאָסט קיין געלט נישט. ער איז געווען אויף די אומזיסטע ביטאָגיקע קאָנצערטן אין פּאַרק. (דאָ אין מאָנטעווידעאָ גייט ער אויך אויף אַזעלכע קאָנצערטן, נישט ווייל ער איז אַ ליבהאָבער פון מוזיק, נאָר ווייל עס איז — אומזיסט), און ער האָט זיך אָנגענומען אפשר אַ פוד איינדרוקן.

קיין בריוו צו זיין אינסטיטוציע, האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געשריבן ווייל עס קאָסט פּאָסטמאַרקן. יאָ, איין מאָל האָט ער דאַכט זיך יאָ געשיקט אַ בריוו, איז עס געווען אָן אַ מאַרקע...

אַלץ האָט אַ סוף, אפילו אַ לוסט־רייזע פון אַ פּרעזידענט.

געקומען צוריק, — אין אַ שיינעם אָוונט קלינגט דער טעלעפאָן אין דער אינסטיטוציע.

— ווער רעדט?

— איך, סעניאָר קלמן שוסטער. איך האָב געבראַכט אַ מתנה פאַר דער אינסטיטוציע, פאַר די קינדערלעך... צו לייגן אַ לאַטע... שיקט מיר צו דעם סעקרעטאַר, וועל איך אים איבערגעבן ס'געשאַנק.

— אין וואָס באַשטייט די מתנה?

— דריי ברילווערלעך נאָהלען, פון דער בעסטער מאַרקע, דאָ קריגט מען עס גאָרנישט...

— אפשר וואָלט איר עס אַליין געבראַכט?

דאָ האָט דער פּרעזידענט איבערגעהאַקט דעם טעלעפאָן: אַזאַ חוצפה, אַזאַ חוצפה... מ'עט דעם ענין דאַרפן באַטראַכטן אויף אַ ספּעציעלער זיצונג...

# מוטער און טאָכטער

שאַט. איך וויל אייך דערציילן אַ מעשה פון אַ מוטער און אַ טאָכ־טער. טיילווייז איז זי אַן אויסגעטראַכטע און טיילווייז אַן אמתע. ס'איז נישטאָ קיין גרענעץ צווישן פאַנטאַזיע און וואָר. ביידע זיינען אַזוי געקניפּט און געבונדן, נישט פאַנאַנדערצוטיילן, אַזוי ווי עס טרעפט אין די גוטע מעשיות.

הויבן הויבט זי זיך אָן אויף דער גאַס פּאַראַנגאָם, לעבן דער גרויסער „מערקאַדאָ", און געשען איז דער אָנהויב מיט אַן עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק... פון אַ קליין פּויליש־ליטוויש שטעטל איז אַראָפּגעקומען אַ פּאָרל, שוין חתונה־געהאַטע אין דער היים. בלוט און מילך. צוואַנציק־יעריקע. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן, ווי געוויינלעך, דער קאַמף פאַר אַ שטיקל עקזיסטענץ. סיי דער מאַן און סיי די פרוי האָבן געאַרבעט ביי וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און אין די אָוונטן איז מען זיך צונויפגעקומען אין דער „אַלטיזשע" און מ'איז געווען... גליקלעך.

דערנאָך איז געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַ טעכטערל, איינס אין דער וועלט, שיין ווי אַלע זיבן זונען.

האָט מען געדאַרפט עפּעס אויסבעטערן די פּרנסה. די פרוי קען שוין נישט גיין אַרבעטן ביי יענעם. האָט דער מאַן זיך אויסגעלערנט שניידעריי (בכלל זיינען אַלע שניידערס שוין געקומען פּאַרטיקע בעלי־מלאכות) און איז „אַראָפּ פאַר זיך". געעפנט טאַקע דאָרטן, לעבן „מערקאַדע" אַן „אָפענע טיר", אָבער געאַרבעט האָט מען „קאָנ־פעקסיאָן" פאַר די גרויסע געשעפטן, און די פרוי האָט צוגעהאָלפן, זי איז געוואָרן אַ פּרעסער (די איינציקע פרוי אַ פּרעסער ביי קאָנ־פעקסיאָן, ניט עפּעס אַ פּרעסערין). און דאָ איז אונטערגעקומען די מלחמה, און ווי מאָדנע עס זאָל נישט זיין — אין לאַנד זיינען אָנ־געקומען גוטע צייטן. מ׳האָט פאַרדינט געלט וויפל „מ׳האָט נאָר אַליין געוואָלט".

דאָס קינד, דאָס מיידעלע, איז זיך דערווייל געוואַקסן, האָט געענ־דיקט די פאָלקס־שול (דאָס קעפּעלע איז אפילו ניט איי־איי, אָבער געענדיקט). איז אַריין אין ליציי, און איידער וואָס־ווען געוואָרן אַ גאַנצער פאַרשוין.

אין שטוב איז דער באַלעבאָס — ניט דער טאַטע, נאָר די מאַ־מע. ווי זאָגט מען עס, זי „טראָגט די הויזן". פּירט דעם „טאַזשער" (אַרבעט אַליין אויך פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט) און געפינט צייט צו קויפן אַ הויז און נאָך אַ הויז. אַן איבעריקע פּעזע גיט זי אַוועק אין זיכערע הענט און דאָס ברענגט אויך אַריין.

דער מאַן אירער, דער שניידער, שלעפּט זיך עפּעס אַרום אַן אי־בעריקער אין הויז... ער האָט נאָר, ווי זאָגט מען עס — איבער... צו באַפעלן.

און דאָ הויבט זיך ערשט אָן די אמתע מעשה. דאָס טעכטערל, אַ ניינצן־יאָריקע, שוין באַלד צוואַנציק — האָט שוין „אויסגעשטו־דירט" אַלע תורות, און זי דרייט זיך אַרום אַ פרעמדע אין איר הויז. דאָ געפעלט איר נישט איר טאַטע, וואָס ליגט אונטערן פאַנטאָפל ביי דער מאַמען, און פאַר דער מאַמען, וואָס „פירט די גרענדע", האָט זי

נאָך ווייניקער רעספּעקט... אַ פרוי זאָל אַזוי באַלעבאַטעווען, ווי אַ מאַן, רק געאַרבעט און געזוכט פאַרדינסטן. דאָס „איידעלע" בת־יחידקעלע איז אויסגעוואקסן ממש מיט אַ האַס צו אירע עלטערן, און נישט נאָר צו אירע עלטערן, נאָר אויך צו זייערע באַקאַנטע, צו אַלע יידן.

ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, און ווי שווער עס זאָל ניט זיין פאַר דעם שרייבער פון די שורות, צו דערקלערן די סיבות, — דאָס מיידל איז געוואָרן אַ שונא־ישראל... זי חברט זיך נאָר מיט שקצים און שיקסעס, און ווען די מאַמע רעדט עפּעס, שרייט, פּראָ־טעסטירט, אַז אַ מיידל דאַרף אָפּהיטן איר גוטן נאָמען, ניט שטיין אויף די ראָגן פאַרבאַהאַלטן מיט „ווער ווייסט מיט וועמען"... העלפט עס ניט. דאָס מיידל וויל ניט וויסן פון יידישע יינגלעך (און די יידי־שע בחורים צאָלן איר מיט דער זעלבער מטבע). ס'האָט ניט געהאָלפן דער מאַמעס מתנה פון אַ פוטערנעם מאַנטל און דאָס אַוועקלייגן אויף איר נאָמען צוואַנציק טויזנט פעזעס אין באַנק). דאָס מיידל האַסט אירע עלטערן, באַזונדערס איר מוטער.

אין שכנות פון זיי, וווינען דריי אַלטע מוידן, שוועסטערס, פרומע ווי די הייליקע מאַדאָנעס, — אין זייער געזעלשאַפט פאַרברענגט עס דאָס בת־יחידקעלע, רעדט זיך אַראָפּ פאַר זיי פון „הארצן, פון די „ליידן און געברענטע צרות" וואָס זי שטייט אויס פון איר מוטער... די אַלטע הייליקע בתולות באַרואיקן זי — זאָל זי נאָר נישט פאַר־צווייפלען. פאַר איר וועט זיך שטענדיק געפינען פּלאַץ אינעם דער־בייאיקן מאָנאַסטיר, זי דאַרף אַפילו נישט בייטן דעם גלויבן...

און מיט אַ וואָך צוריק האָבן זיך געיאַוועט צוויי אַלטע מאָנאַש־קעס, מיט די גרויסע שוואַרצע קאַפּושאָנען, ביי דער טיר פון אונ־דזער שניידער.

די מאַמע איז אַרויסגעקומען, ווייס ווי די וואַנט. זיך געוווּנ־דערט אויף די מאָדנע „געסט". אָבער זיי, די אַלטע מאָנאַשקעס, האָבן

אויסגעזוכט אַ תירוץ, — זיי האָבן געמיינט, אַז דאָ וווינט אַ יונג מיידל, און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען.

ביי דעם האָט זיך אונדזער ניט־פריילעכע מעשה פאַרענדיקט. לאָמיר האָפן, צוזאַמען מיט די לייענער, אַז דער סוף וועט זיין אַ גוטער און אַז די עלטערן וועלן האָבן נחת פון איר. און אַז מוטער און טאָכטער וועלן זיך איבערבעטן.

# אַ שטילער מענטש

אין דעם הו־האַ פון טאָג, אין דער מיט פון שטאָטישן גערויש פון האַנדל־וואַנדל, אין דעם געווירבל פון גאַסן און היך־און־צוריק־לויפנדיקער באַוועגונג, גייט נישט געאײַלט דער שטילער מענטש.

אַ רואיקייט ליגט אויף זײַן וואָכעדיקן אויסזען, אויף די אָפּגעטראָגענע קליידער זײַנע, און זײַן גאַנץ געשטאַלט זעט דאָ אויס פרעמדלעך, ווי ער וואָלט ערשט היינט אַראָפּגעקומען אַהער, — און לעבן לעבט ער שוין דאָ לאַנג, צענדליקער יאָרן.

אַזוי, אויף אַן אומבאַמערקבאַרן אופן ציט ער זיך זײַן חתונה־פאַדינט מיט שטוב־זאַכן זײַנע צעוואָרפענע קליענטן.

ער איז אַ „קווענטעניק" מיטן גאַנג פון אַ רבין, פון אַן אָפּגעהיטן גוטן ייִדן, וואָס קיינמאָל רעגט ער זיך נישט אויף, ווי ער וואָלט אויף זיך גוזר געווען שטילקייט און אַ רואיק געמיט אויף שטענדיק און אייביק.

זײַנע גוייִשע קליענטן, וועלכע שעצן אים און האָבן אים אפילו ליב, צוליב די גאָר צוגענגלעכע פּרייזן פון די אַרטיקלען וואָס ער לאָזט זיי איבער אויף נאמנות, טוישט די זעלבע איבער עטלעכע מאָל, ווען מען דאַרף, און קומט קאַסירן די חודשלעכע „קוואָטע" איין מאָל און אַ צווייטן, ווערט קיינמאָל נישט אומגעדולדיק, — רופן אים „על האַמבּרע קיעטאָ" (דער רואיקער מענטש) — און זיי זײַנען זייער גערן מיט אים צו האַנדלען.

און דעם דאָזיקן מענטש לעבט זיך אפשר גאָרנישט לייכט, ווייל אין זיין רואיקייט לייכט זיך דורך אַ שאָטן פון טרויער, פון מע־לאַנכאָליע.

פון זיינע פּערזענלעכע עסקים רעדט ער נישט מיט קיינעם. אָבער מען ווייס, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער „שטילער מענטש" געהאַט אַן אומגליק אין זיין משפּחה.

זיין איינציקע טאָכטער, אַ בליענדיק מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, איז אומגעקומען פון אַן אַקצידענט.

מען זאָגט, אַז דער „שטילער מענטש" איז אויך דאַן געבליבן רואיק. אַ רואיקער געבראַכט צו קבורה זיין קינד און נאָך איר גע־זאָגט קדיש.

דערנאָך, דאָס איז געווען אַ יאָר נאָך יענער אומגליקלעכער געשעעניש, האָט ער געהאַט נאָך אַ קלאַפּ: זיין פרוי איז פון אים אַוועק. אַוועק אַליין, צי מיט אַ צווייטן, דאָס ווייס מען נישט — און זי איז נישטאָ.

דער „שטילער מענטש" איז אויך איצט געבליבן שטיל, רואיק. באַדינט מיט מילדקייט זיינע פריינטלעכע קליענטן, און גייט ווייטער אַ רואיקער און, דוכט זיך, אַ פרעמדער, איבער די רווישיקע גאַסן.

אַזוי, אַ רואיקן, טרעפט מען אים אָפט אויף אַ יידישן רעפעראַט, ברענגט אַליין ווי מען דאַרף, זיין יערלעכע באַשטייערונג פאַר אַל־געמיינע צוועקן, קויפט אַ יידיש בוך מיט גרויס כבוד ווען אַ יידישער מחבר לייגט עס אים פאָר. און ער גיט זיך אפילו נישט קיין חשבון, אַז מענטשן האָבן אים גערן, באַגריסן אים פריינטלעך.

דער „שטילער מענטש" איז שטיל דורך און דורך, אויך אין זיינע געפילן און געדאַנקען, און זיין באַשיידנקייט שטראָמט פון אים אַרויס, ווי אַ טייך.

אַ ליך אין דער „קווענטעניקעס"־קאָאָפּעראַטיווע, האָט אים אַ נאָמען געגעבן „באָנצע שוויג", און איינמאָל האָט ער אפילו גע־וואַגט אים צו פרעגן:

— באָנצע שוויג, ווילסט אַ בולקע מיט פּוטער?

נאָר דער „שטילער מענטש" האָט עס אַפילו נישט געהערט, נאָר אַ צווייטער „קווענטעניק" האָט געענטפערט דעם חצוף:

אַ בולקע מיט פּוטער — ווילסטו! טויזנט בולקעס מיט פּוטער!

## די פירמע „בערמאַן און בערנשטיין"

אין די קאָמערציעלע קרייזן פון שטאָט האָט מען געשמועסט וועגן דער יובילייפייערונג, פון דער „זילבערנער חתונה" אַזוי צו זאָגן, פון דער באַוווּסטער האַנדלס־פירמע „בערמאַן און בערנשטיין לימיטאַדאַ".

פאַרשטייט זיך, אַז די שמחה האָט צוגעגרייט די פירמע אַליין. דער גרויסער באַנקעט, דער עפנטלעכער אַקט, וועט דורכגעפירט ווערן אין אייגענעם סאַלאָן אויפן פערטן שטאָק פון זייער ריזיקן אַפּאַרטאַמענט־הויז אין סאַמע צענטער שטאָט.

צו דער דאָזיקער פייערונג, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען די טעג, זיינען אויסער די האַנדלס־ספערן פון לאַנד און באַוווּסטע פערזענלעכקייטן פון דער קאָלעקטיוויטעט, אויך פאַרבעטן געוואָרן אָפיציעלע לייט פון מיניסטעריום און באַקאַנטע מלוכה־פירער, און די זעלבע האָבן צוגעזאָגט אומבאַדינגט צו קומען.

און פאַרוואָס זאָלן דען די מלוכה־לייט איגנאָרירן אַזאַ פייערונג, ווען עס האַנדלט זיך אין אַ פירמע, וואָס האָט ווירקלעך גרויסע פאַרדינסטן פאַרן לאַנד. איז דאָך די „בערמאַן און בערנשטיין"־פירמע געווען די ערשטע, וואָס האָט אָנגעהויבן, אָנשטאָט אַריינפירן געוויסע אַרטיקלען פון אויסלאַנד — פּראָדוצירן עס דאָ אויפן אָרט, אַזוי איז עס געווען מיט קנעפּלעך, מיט ראַזיר־מעסערלעך, אפילו מיט זייגערס, דערווייל בלויז וועקזייגערס.

די עטלעכע טעג פון די הכנות זיינען פאַרלאָפן, און אָט איז שוין דער טאָג פון דער פייערונג גופא.

אין ריזיקן סאַלאָן, פופציק אויף דרייסיק מעטער, זיינען אויסגעשטעלט די טישן אין פאָרעם פון אַ ח... די ווענט און דער אויבנאָן זיינען דעקאָרירט מיט נאַציאָנאַלע פאָנען און עס הענגען רעפּראָדוקציעס פון די לאָקאַלן פון דער פירמע אין פאַרשיידענע פעריאָדן, אָנהויבנדיק פונעם קליינעם, אָפּגעריסענעם געוועלבל אויף סיודאַדעלאַ, ביז די היינטיקע ריזיקע האַנדלס־הייזער אין עטלעכע געגנטן פון דער שטאָט.

ביים טיש אויבנאָן, זיינען, פאַרשטייט זיך, געזעסן די בעלי־שמחות און זייערע פרויען, די באַקאַנטע בערמאַן און בערנשטיין. ביי זייערע זייטן האָבן זיך געפונען די סאַמע חשובסטע געסט. עס זיינען געקומען און זיך באַטייליקט אין דער פייערונג, דער האַנדלס־מיניסטער און דער סעקרעטאַר פון פאָרזיצער פון רעגירונגס־ראַט. אויסער זיי זיינען געווען פאַרטראָטן די וויכטיקסטע פירמעס פון לאַנד און פון אויסלאַנד (אפילו אַ פאָרשטייער פון אַ האַנדלס־הויז אין באָן, דייטשלאַנד...).

נו, פאַרשטייט זיך, קיין רעדעס האָבן נישט אויסגעפעלט, פּונקט ווי דער שאַמפּאַניער, מ'האָט געגאָסן און געגאָסן. דערביי האָט מען נישט פאַרגעסן אין דער יידישער קאָלעקטיוויטעט בכלל. דער מיניסטער און די גויישע פאָרשטייער האָבן שטאַרק געלויבט דעם יידישן אונטערנעמונגס־גייסט, וואָס ברענגט אַריין הצלחה און אויפבלי אין יעדן פּלאַץ ווו זיי, די יידן, קומען נאָר.

צום סוף האָט מען זיך גענומען צום סימבאָלישן טאָרט, וואָס האָט פאָרגעשטעלט די האַנדלס־מאַרקע פון דער פירמע, מיט די צוויי איניציאַלן פון די שותפים, ווו עס האָבן געשטעקט און שעמעוודיק געלויכטן פינף און צוואַנציק פאַרבוקע ליכטלעך, וואָס אַן אייניקל פון עלטסטן מיטגליד פון פערסאָנאַל איז צוגעטיילט געוואָרן כבוד אויסצולעשן זיי מיט איין בלאָז.

נאָר די גרעסטע אַטראַקציע פון דער פייערונג איז געווען — ווען דער זייער געאַכטעטער הער בערמאַן האָט ערב דער שליסונג

פון יום־טוב, זיך אָנגעטאָן מיטן באַקאַנטן „קערבעלע" פון די ערש־
טע יאָרן, מיט די עטלעכע אַראָפּהענגענדיקע קראַוואַטן, שפּילקעס
און שטיקלעך זייף. — פאַרוואָרפן דאָס קערבעלע מיט אַ רימען איי־
בערן אַקסל, איז ער אַזוי געשטאַנען עטלעכע מינוט, אַרויסרופנדיק
דעם שטורמישן אַפּלאַוז און באַגייסטערונג פון אַלע פאַרזאַמלטע.
דער מיניסטער איז צוגעגאַנגען צו אים, אים האַרציק אַרומגענומען
און דורכן מיקראָפאָן, אַרויסגערעדט:

— מיר טאָרן קיינמאָל נישט פאַרגעסן — וואָס מיר זיינען
געווען...

# אַ געזעלשאַפטלעכער טועך

אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער געגנט פֿון שטאָט, אין די געסלעך אַרום „סעריטאָ דע לאַ וויקטאָריאַ", וווינט זיך אַ ייד אַ שניידער. נישט קיין גרויסער איי־איי בעל־מלאכה, קיין גענעראַלן ווערן נישט דערשטיקט וואַרטנדיק אין דער ריי — ער זאָל זיי נייען אַן אַנצוג.

האָט זיך אונדזער בעל־מלאכה, כאַצקל הייסט ער — אַ „פּער־סאָנאַל", וואָס באַשטייט פֿון איין פּועל, אַ שפּאַניער איז ער, און דער־צו נאָך — לאָמיר עס אויסזאָגן — אַ דיכטער, אַ פּאָעט. אָבער ווידער דאָס אייגענע — אויך ער איז נישט פֿון די גרויסע בעלי־מלאכות.

אָבער מען נייט, די נאָדל גייט, ווי אין לידל זינגט זיך.

אונדזער כאַצקל, אָדער ווי מענטשן האָבן אים ליב צו פֿאַר־ציען — כאַצקעלע, איז אָבער אַ שם־דבר אין שטאָט. פֿרעגט אַ קינד אין וויג: — קענסטו כאַצקעלען?

— אַ שאלה דאָס איז, ווער קען נישט כאַצקעלען?

ער איז אַ געזעלשאַפֿטלעכער טועך. און נישט פֿון היינט און נישט פֿון נעכטן, נאָר דוכט זיך, פֿון פֿאַר בריאת העולם. אַ געבוי־רענער געזעלשאַפֿטלעכער טועך. קהל איז זיין לופֿט. די שטאָט, דאָס איז זיין צווייטע נשמה, אויב נישט די ערשטע.

אַז מען זאָל וועלן גוט אַ קוק טאָן און זיין אויפֿריכטיק צו זיך אַליין, וועט מען מוזן איינזען, אַז אין מער פֿון אַ העלפֿט יידישע אינ־סטיטוציעס, דאָס הייסט אין אַ דרייסיק-פֿערציק — שטעקט זיין אַר־בעט, זיין איניציאַטיוו, זיין שווייס און בלוט.

און פירן פירט זיך עס ביי אים אַזוי: אויפגעבויט אַן אינסטי־טוציע, זי באַזאָרגט מיט קאָמיסיאָנען, קאָבלעפּל, כבוד־זוכער — פאַנגט ער אָן צופיל צו פאָדערן אידעאָלאָגישע און קולטורעלע אויס־געהאַלטנקייט, וואַרפט זיי אין פּנים אַריין עטלעכע צערטלערייען, ווי קעז־פּרעסער, גראָבע יונגען, אַזש עס ווערט אַ געטומל, אַ געריו־שעריי, די גאַנצע „קאָמיסיאָן" שטעלט זיך דאָ אויף ווי איין מענטש און זי ציט נאָך צו סתם יידן פון שטאָט: — אָדער מיר, אָדער כאַצקל — איינס פון די ביידע!

און כאַצקעלע מוז נעבעך אַוועקגיין.

אין זיין פאַרצווייפלונג קלאָגט ער זיך פאַרן פּועל אין זיין טאַ־זשערל:

— „נאָ איי כוסטיסיאַ, נאָ איי כוסטיסיאַ!" (נישטאָ קיין גערעכ־טיקייט!)

און דער אַרבעטער, דער פּאָעט, פילט אים מיט. אָט איז ער געווען אין אַלע רעדאַקציעס מיט זיינע לידער, זיי זאָלן עס דרוקן אין די ליטעראַרישע ביילאַגעס, און זיי האַלטן אין איין ענטפערן:

— צו קלאָר, אייער פּאָעזיע איז צו קלאָר!

דערציילט ער עס כאַצקלען, און כאַצקל ענטפערט: — דער היפּוך, ווי ביי מיר, אַלע שרייען: צו אומקלאָר! — און גיי דערפיר אַ טאָלק אין דער וועלט.

צוערשט איז כאַצקלען געווען שווער צו געבן צו פאַרשטיין זיין פּועל אין שפּאַניש, דעם באַגריף פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער. מאַכט ער:

— „זשאָ סאָי און"... (איך בין אַ...)

— „און קע?" (אַ וואָס?)

— „סאָי און (און עס פעלט אים אַ וואָרט אין שפּאַניש פאַר „געזעלשאַפטלעכער טוער") סאָי און פּאָליטיקאָ!" (כ'בין אַ פּאָ־ליטיקער!)

נאַ דיר גאָר אַ פּאָליטיקער!

אָבער טראָץ דעם וואָס כאַצקעלע איז „צעריסן מיט דער גאַנצער וועלט", האָט נאָר „שונאים" און קעגנער, וועט אָבער קיינער נישט וואַגן אויסצורייזדן אַ קרום וואָרט אויף אים אין שייכות מיט אָנשטענדיקייט, מיט ערלעכקייט. זיין גרעסטער געזעלשאַפטלעכער שונא — וועט לויפן פאַר אים אין וואַסער און אין פייער. אין געלט־זאַכן וואָלט מען אים אָנגעטרויט צו מישן די קאַסע פון דער וועלט. ער וואָלט בלויז אַרויסגענומען אַן אייגענע שווער־פאַרהאָרעוועטע פּעזע און אויך אַריינגעוואָרפן אין טאָפּ: די וועלט דאַרף נעבעך... און ער וועט שוין אַזוי זיין שטעטל באַשטיין.

די גאַנצע שטאָט קריגט זיך מיט כאַצקעלען... און האָט אים ליב ס'לעבן!

## אַ טרויעריקע „גראַנדע"

פאַראַן דאָ אַ ייד אַ טאַפּיצירער, אַן אַלמן נעבעך, דאָס ווייב איז אים פאַראַיאָרן צי פאַרצווייאָרן געשטאָרבן. ער האָט שוין אויסגעגעבענע קינדער, אַ טאָכטער חתונה געמאַכט — פאַר אַן אַרכיטעקט, אַ זון וואָס איז אויך עפּעס אַן „אינטעלעקטואַל".

דער האָזיקער ייד, נתן קלינגער, (נישט דער אַקטיאָר) איז זיך אַ מיטגליד אין עטלעכע אינסטיטוציעס און אין איינער — אין דעם לאַנדסלייט־פאַראיין פון קעלם (נישט כעלעם) און אומגעגנט, איז ער אויך אַ קאָמיסיאָנס־מיטגליד. ער האָט ליב צו נעמען אַ וואָרט — וועגן אַלץ און וועגן אַלעם, באַזונדערס רעגט ער זיך אויף, אויף די וואָס קענען און באַשטייערן זיך נישט. דעם איז אַוועק זייער גוט — און ער צאָלט בלויז איין פעזע אַ חודש מיטגלידס־אָפּצאָל; אַ צווייטער (אַ וויכטיקער מיטגליד) האָט באַקומען אַ פעטע ירושה פון אַן עלטער־פעטער אין לאָס אַנדזשעלעס, נאָרד אַמעריקע, און האָט בלויז אַריינגעוואָרפן אַ פופציקער. באמת, מענטשן האָבן גאָרנישט קיין שאַנדע אין זיך... און אונדזער טאַפּעצירער טומלט, שרייט און רעגט

זיך אויף... דער פאַריין דאַרף, מוז האָבן געלט. דאָ דאַרף מען שיקן אַ פעקל פאַר געראַטעוועטע לאַנדסלייט און — דער עיקר — מ׳דאַרף אויסשטאַטן דעם לאָקאַל מיט אַ געהעריקן טיש מיט שטולן, מ׳זאָל קענען אַריינקומען און נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין — ווען נישט ווען כאַפּן אַ קערטל אויך.

פרנסה ציט ער אַרויס פון זיין „טאַזשערל" אין פּאָסיטאָס. ער פאַריכט דאָרט ביי די יעקעס (גאַליציאַנער) אַ ווייכן שטול, אַ סאָפקע, און מאַכט נייע אויך. ווען זיין ווייב עליה־השלום האָט געלעבט, האָט זי צוגעהאָלפן און מען האָט געמאַכט אַ שיינעם לעבן. די קינדער האָט מען דערצויגן גרויסאַרטיק. איצט גייט עס אַביסעלע לאַנגזאַ־מער, אָבער וויפל דאַרף איין מענטש? די קינדער זיינען שוין, ווי געזאָגט, אויסגעגעבן.

פונדעסטוועגן שפּילט ער יעדע וואָך אַ צעטעלע. מ׳דאַרף, זאָגט ער, לאָזן אָפן די טיר פאַרן מזל. טאָמער דאַרפסטו באַגליקט ווערן — זאָל עס כאָטש קענען אַריין.

געשפּילט אַזוי פיל יאָרן, און געבליבן מיט אַ נאָז. דאָס גרויסע געווינס האָט זיך צו אים נישט געאיילט. עס זיינען פאַראַן בילכערע. בכלל איז עס אַן אָנגענומענער כלל — געלט ציט צו געלט. דאָס גרוי־סע געווינס גייט נישט עפּעס אַזוי זיך סתם צו אַ קבצן. אין אַלץ איז דאָ אַ שכל, און דאָס רעדעלע ווייסט צו וועמען עס דאַרף זיך דער־קייקלען.

אָבער גראַד דאַן ווען אונדזער בעל־דבר האָט זיך שוין געהאַט מיאש געווען, צו ווערן אַ שטיקעלע לייט אין הינזיכט פון עטלעכע פרייע פּעזעס, איז זיין נומער אַרויס און ער האָט געמאַכט די „גראַנ־דע". אַ צוואַנציק צי דרייסיק טויזנט פּעזעס.

די גאַנצע שטאָט, ס׳הייסט די לאַנדסלייט, משפחה און מחותנים, האָבן אים באַגריסט. באמת, דאָס מאָל האָט די „גראַנדע" געטראָפן אויפן ריכטיקן אַדרעס. אַ יום־טוב, אַ פרייד אין־לשער.

פלענער אויף וואָס צו פאַרווענדן דאָס געלט, האָט אונדזער פריינט, דער טאַפעצירער, געהאַט נאָך פון פריער. ערשטנס וועט ער קויפן אַ שטיקל קרקע אין שכנות פון זיין פרוי, צווייטנס — מאַכן זיך עטלעכע „טראַכטעס" (אָנצוגן) — עס קאָסט אַזוי טייער היינט — און אַוועקלייגן אויף אַ שוואַרצן טאָג אויך.

דער קעלמער לאַנדסלייט פאַריין און אומגעגנט (אַזוי אַנאָנסירט מען טעותדיק די אינסטיטוציע) האָט געוואַרט אויף אַ פעטע באַ־שטייערונג. דאָ וועלן פליען הונדערטער. איז דאָך נתן קלינגער גע־ווען דער וואָס האָט כסדר פראָטעסטירט קעגן די ענגהאַרציקע. אָבער זיי האָבן זיך באַלד אַרומגעזען, אַז עס וועט נישט זיין אפילו קיין צענערל.

דער „נייער רייכער" האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אין דער אינסטי־טוציע. ער האַלט, אַז דאָס וואָס ער רעדט און רעגט זיך אויף אין פאַריין — איז זיין בעסטער בייטראָג. זאָלן געבן געלט די שווייגערס. ער מיט זיין פיסקעלע טוט שוין גאָר אַ סך.

בעסער האָט שוין אָפּגעשניטן זיין איידעם, דער אַרכיטעקט. ער האָט אויף אַן איידעלן אופן „אויסגעבאָרגט" ביים שווער, צען טויזנט פעזעס, צושטייער אויף אַ נייעם „קאָטש".

אַ צווייטער ייד, כמעט אַן אומבאַקאַנטער, אָבער מיט אַ גע־שעפט און „אַ נאָמען" אויף קאָלאָן, האָט ביי אים אויסגעבאָרגט, מיט די געהעריקע גאַראַנטיעס און אינטערעסן — די אַנדערע צען טויזנט פעזעס, און אין דער זעלבער נאַכט איז ער מיט אַן אַוויאָן אַוועק קיין טשילע, אָן אַ זיי־געזונט.

פון זיינע אמתע נוצלעכע פלענער — האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. קיין שטיקל קרקע נעבן זיין ווייבס קבר, האָט ער שוין נישט געקויפט, קיין נייע „טראַכטעס", נישט באַשטעלט און דער עיקר — די קאָמיסיאָנס־מיטגלידער פון לאַנדסלייט־פאַריין פון קעלם און אומ־

געגנט, קוקן אויף אים עפּעס מיט אַ שמייכעלע: אַ ח... פון אַ מענטש, אַפילו קיין סענט נישט געגעבן פאַרן פאַריין.

באמת — אַ טרויעריקע „גראַנדע".

# דער אייביקער חתן

ביים גרויסן דאָסטאָיעווסקי איז פאַראַן אַ ווערק „דער אייביקער מאַן", ביי אונדז, דעם קליינטשינקן טאָג־שרייבער, וועט פון איצט אָן אויף ווייטער עקזיסטירן אַ שאַפונג, וואָס הייסט „דער אייביקער חתן". זאָל אונדז דער גרויסער דאָסטאָיעווסקי מוחל זיין דעם אומ־פאַסיקן פאַרגלייך. ער, מיט זיין גרויסן טאַלאַנט, האָט אין יעדן פון זיינע העלדן אַריינגעגעבן אַ פונק פון גאָט, אָדער פון טייוול, — אָדער זיי זיינען ביי אים אַרויסגעקומען גאַלע צדיקים, ווען נישט — רשעים גמורים. און מיר — מיט אונדזער, כ'בעט איבער אייער כבוד, שריי־בערישע פעיקייטן — פאַרנעמען זיך מיט ווינט און דרויב, קליינע מעשהלעך, קליינע געשעענישלעך, זאָלן זיי אונדז ניט פאַלן שווער.

אַגב, וועגן דעם ווערט פון אונדזער שרייבערישן טאַלאַנט, לאָ־מיך אייך דערציילן אַן אמתן פאַקט. כ'האָב געוואָלט אַריינגיין אין שותפות מיט איינעם אַ גוטן ברודער, צו אַ גוט־אויסגעקאַלקולירט געשעפט. יענער האָט געגעבן ס'ביסל קאַפּיטאַל, און איך? — און איך האָב געוואָלט אַריינלייגן מיין שרייבערישן טאַלאַנט, קיין אַנ־

דער זאַך פאַרמאָג איך ניט... איז עס געוואָרן אַ גרויס געלעכטער, מען האָט מיך גענומען אויף דער האָצקע.

— זע, — זאָגט מיר מיין ניט־געוואָרענער שותף, — לייג אַרויף דיין גאַנצן טאַלאַנט אויף איין וואָג־שאָל און אַ ליידיק פלעשל קאָ־קאַ־קאָלאַ — אויף דער צווייטער, וועסטו זען וואָס עס וועט אַריבער־וועגן.

און ער איז גערעכט אויך. כ'האָב אָפּגעווישט די ליפּן און גע־מאַכט אַ שוויג. און זייט מיר מוחל, — כ'בין אַוועק צוריק צו טינט און פּעדער... שוסטער, צו דיינע קאָפּולן!

דער אייביקער חתן איז אַזוי זיך אַ ווויל ייִנגל. ער ווייסט אפילו ניט, אַז מ'רופט אים אַזוי. ער איז אַ טייער קינד ביי זיין טאַטן, ביי זיין מאַמען. אַ פאַרדינער אויך, כּמעט נאָך יונג, אָבער ער פאַר־דינט פיין געלט. אַלץ קען ער. וואָס די אויגן זעען — מאַכט ער. איז דערצו ניט קיין צו־גרויסער פּראַנט, איר קענט אים אפילו טרעפן מיטן קאָפּ ניט צוגעשמירט מיט „גאָמינאַ". טאַנצט ניט שלעכט, רעדט ניט צופיל. (נישט אַזוי ווי דער שרייבער, וואָס איז אַ פלוי־דערער נאָך פון געבוירן). און די מיידלעך האָבן אים ליב. פאַר־שטייט זיך, ניט פון יענע מיידלעך פון די גוט־אַרויפגעאַרבעטע על־טערן, וואָס זוכן פאַר זייערע טעכטער — בלויז געענדיקטע און אַ בלעכל פאַר דער טיר, נאָר די מער באַשיידענע, וואָס די עלטערן האָבן פאַר זיי ניט צוגעגרייט קיין גאָר גרויסע נדנס, די טעכטער פון די בעלי־מלאכות, „אַלמאַסענעראָס", „עמד" אונדזער בלוט!

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אונדזער בחור געהאַט זיין ערשטע כלה. אַ ווויל מיידל, אַ געלערנטע דערצו, אַ האַרציקע, אַ פאַרשטענ־דיקע, אויסערלעך אַביסל אַ גראָבינקע. אָבער ס'האָט געהאַלטן ביי אַ שידוך. די עלטערן פון ביידע צדדים זיינען געווען גליקלעך: אַ פּאַסיקע פּאָר! חתן־כלה זיינען אַרומגעגאַנגען אַ שטיק צייט. גע־פאָרן אין די פּאַרקן, אין די פּליאַזשעס, געלייענט ביכלעך צוזאַמען,

און מ'האָט באַשטימט דעם טאָג פון תנאים, פון פאַרלאָבונג, הייסט עס. אָבער אין דעם זעלבן טאָג — איז דער בחור נעלם געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. נישטאָ און נישטאָ. מ'האָט אַריינגעגעבן אַפילו אין די צייטונגען — עס ווערט געזוכט דער און דער, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעפונען. זיין מוטער איז פון צער קראַנק געוואָרן. און דאָס מיידל? — פרעגט שוין ניט — געבליבן פאַרשעמט פאַר אירע חברטעס און פאַר דער גאַנצער שטאָט.

אין אַ יאָר אַרום, האָט זיך דער בחור אָפּגעזוכט. ער איז געווען אין בראַזיל, אין פּאָרטאָ אַלעגרע, דוכט זיך. געקומען צוריק, אָנגעהויבן ווידער אַרבעטן. פאַרדינט געלט, געטאַנצט אויף „באַלעס" און ווידער זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פריילן. דאָס מאָל מיט אַ טאָכטער פון אַ גוט־שטייענדיקן שוסטער. אַרומגעגאַנגען צוזאַמען, זיך געהוידעט אויף קאַרוסעלן, געגעסן אייז־קרעם, זיך געקושט אין די ווינקעלעך פון פּאַרק. אַזוי אַ פיין שטיקל צייט, און מ'האָט ווידער באַשטימט דעם טאָג פון דער פאַרלאָבונג — און דער בחור איז ווידער ניט געקומען — אויסגערונען געוואָרן. נישטאָ און נישטאָ. דאָס מיידל, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, איז אין איינע צען חדשים עלטער געוואָרן אויף צען יאָר.

דער צער פון אונדזער העלדס מאַמע, איז גרויס. זי איז נעבעך פון ווייטיק איינגעפאַלן און איז געבליבן ליגן קראַנק.

אין אַ יאָר אַרום האָט זיך אונדזער בחור ווידער באַוויזן, אָבער איצט האָט ער שוין זיין מאַמען נישט געטראָפן ביים לעבן.

איצט איז געקומען די ריי אויף דער טאָכטער פון דעם קליינעם „טאַזשער" פון דאַמען־בייטלען. זי איז נעבעך אויך אַריינגעפאַלן. גליקלעך איז זי פון אָנפאַנג געווען — ניט צו באַשרייבן. ווייל קיין גרויסע יפת־תואר איז זי נישט. אַ מיידל מיט חסרונות, און אָט האָט זי ענדלעך אַ חתן — אַ שיינעם, אַ קלוגן, אַ גרויסן פאַרדינער. די עלטערן האָבן געוווסט וועגן דער פירונג פון דעם „חפץ", אָבער וואָס

האָבן זיי צו ריזיקירן... אַבי אַרויספּטרן די טאָכטער. מען האָט באַשטימט דעם טאָג פון תנאים — און דער בחור — ווי זיין שטייגער, — איז פאַרלאָרן געגאַנגען!

איצט שמועסט מען, אַז עס וועט זיך בילדן אין שטאָט אַ „פּאַריין פון צעבראָכענע הערצער" און מען וועט גיין צו דער יוסטיץ, מען וועט אויפרודערן אַ וועלט...

# די פאַמיליע גאָרדאָן האָט זיך איבערגעבעטן

ס'איז פאַראַן אַ פאַמיליע גאָרדאָן. דריי ברידער, דריי שוועס־טער, זייערע מאַנען און זייערע ווייבער, קינדער און שוין אויך קינדס קינדער, אייניקלעך.

צוויי פון זיי — אַ ברודער מיט אַ שוועסטער — זיינען געקומען אין לאַנד אַריין, העט מיט אַ דרייסיק, פינף און דרייסיק יאָר צוריק. די אַנדערע זיינען „גרינע". געקומען ערשט נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה, נאָכן שלעפן זיך יאָרן איבער די סטעפּעס פון צענטראַל־אַזיע און סיביר.

קיין שלום־בית איז צווישן דער משפּחה נישטאָ. די שוועגערנס האָבן אַ גרויסן חלק אין דעם. — איינע האָט געזען ווי די אַנדערע האָט געזאָגט, ווי איר טאָכטערס מאַן האָט פאַרשפּילט אין דער רו־לעטע צי אין קאָרטן — אַ גאַנצן טויזנטער, צי אפשר גאָר צוויי.

— קענסט דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל שרייבן פאַר אים אַ גאַראַנטיע — טענהט זיך אויס אַ שוועסטער מיט אַ ברודער.

און נאָר דאָס?

דאָס מיזינקעלע פון בעריש גאָרדאָן, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן, האָט זיך גאָר פאַרליבט אין אַן אַלטן בחור, דערצו נישט קיין צו גרויסער לייט, און מען גייט פּראַווען אַ חתונה.

קענען עס די אַנדערע גאָרדאָנס נישט דערלאָזן: ס'טייטש — אַ שאַנדע אין דער משפּחה... זיי וועלן צו דער חתונה נישט קומען. טאַטע־מאַמע אין קבר וועלן ליידן פון דעם בזיון.

עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע חילוקי־דעות, און אויך אַזעלכע, וואָס וועגן זיי קען מען נישט שרייבן. פון אינטימערן כאַראַקטער. דערצו נאָך איז איין ברודער פרום, אַ שטאַרק־אָפּגעהיטער ייד — וועט ער נישט טועם זיין ביי דער אייגענער משפּחה — וואָס אַ האָר איז ווערט. און איין שוועגערן איז דווקא אַן אַפּיקורסישע, זי עסט פּרינציפּיעל אַלערליי ראַקעס, „קאַמאַראָנעס" — מ'זאָל עס גאָרנישט זען.

און פּאָליטיק?

מיינט נישט, פּאָליטיק מישט זיך דאָ אויך אַריין, און קיין פאַר־געניגן קומט דערפון קיינעם נישט אַרויס, וואָרעם אַלע זיינען זיי לויטן כאַראַקטער היציקע און פרומע מענטשן. די אפּיקורסים גלויבן אין זייער אומגלויבן מיט אַזאַ ברען, אַז עס איז ממש צו שטוינען. וועגן די פרומע — איז דאָך אָפּגערעדט. זיי פירן זיך לויטן דת און לויטן דין, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן.

איינער זאָגט, אַז זיין מלכות — איז דער אמתער, אַ צווייטער — אַז דאָס איז גאָר אַן עבודה־זרה...

פאַר די לעצטע פאַר יאָר איז די משפּחה גאָרדאָן צעשטויבט געוואָרן. נישטאָ מער קיין משפּחה, נאָר קליינע אָפּגעזונדערטע פאַ־מיליעלעך. איינער רעדט נישט מיטן צווייטן, איינער קומט נישט צום צווייטן, מ'דערמאָנט אפילו נישט דעם נאָמען פון אַ לייבלעכן ברודער, אַ שוועסטער.

און דאָך האָט די משפּחה זיך באַגעגנט. און דאָס איז געווען אויפן הייליקן פעלד. ס'איז ביי איינעם פון זיי געשטאָרבן אַ קינד, אַן אומשולדיק און גוט־דערצויגן ייִנגל, איינער פון די ייִנגסטע גאָר־דאָנס איז אַוועקגענומען געוואָרן. האָט עס געריסן ביים האַרצן, און

די גאַנצע משפחה האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן בית־עלמין, אָבער קיי־נער האָט נישט גערעדט צווישן זיך. געווען, אָפּגעגעבן כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם, און אַוועקגעגאַנגען שטיל און פרעמד.

און ווען אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט נאָכאַמאָל געטראָפן אַן אומגליק אין דער משפחה און מ'האָט זיך ווידער פאַרזאַמלט אויפן הייליקן פעלד (דער עלטסטער פון די שוואָגערס איז אַוועקגעגאַנגען אין זיין רו), האָט שוין די משפחה נישט אויסגעהאַלטן, און איינע פון זיי — די עלטסטע שוועסטער האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ גע־יאָמער:

— ווי איז צו אונדז... נאָר אויפן בית־עולם קומען מיר זיך צונויף; נישט אויף קיין יום־טוב, נישט אויף קיין שמחה — ווי איז צו אונדז.... און זי האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט די ברידער, שוועס־טערס און געוויינט... געוויינט.

דאָ, אויפן בית־עלמין, האָט זיך די פאַמיליע גאָרהאָן איבער־געבעטן, און זיי גייען שוין איצט איינע צו די אַנדערע אויף שמחות...

# עלנט

נישטאָ נאָך אַ פּלאַץ ווו אַ מענטש קען זיין אַזוי עלנט, ווי אין... שטאָט.

פאַרביי די אויגן ווימלט עס מיט טויזנטער מענטשן; די ריזיקע הייזער זיינען פול מיט פענצטער און טירן. די טראַפיק איז אַ צע־שפּאַנטע און אַ רוישיקע. ווייט, ווייט, ביזן פאַרלירן זיך — ציען זיך די גאַסן. עס זעט אויס אַז די שטאָט איז עפּעס ווי אַ ריזיקע נעסט מיט אַ מיליאָן צעפלאַטערטע פייגל.

און דאָך — ווי עלנט קען זיין דער מענטש אין שטאָט!

עס טרעפט, אַז עס שפּאַנט עמיץ אַרום — שניידט זיך אַדורך דורך די המונים, ווי דורך אַ וואַנט אָן האַפט, אַנאָנים און אומבאַ־קאַנט. מישט זיך מיט קיינעם נישט אויס, קען נישט קיינעם. קיינער קען אים נישט, ער איז אַ פרעמדער, נישט זייענדיק קיין פרעמדער...

פון די טויזנטער פענצטער קוקט קיינער נישט אַראָפּ צו אים, און קיינע פון די טירן עפענען זיך נישט פאַר אים.

ער האָט נישט קיין פריינט אין דער שטאָט, נישט קיין משפּחה. אפשר איז יאָ פאַראַן אַ באַקאַנטער, אַ באַקאַנטע, אָבער זיי זיינען אַזוי ווייט פון אים... אַזוי ווייט... ער האָט גאָרנישט קיין געמיינ־זאַמס מיט זיי; נישט זייער לעבן איז אים נאָענט, נישט זייער טראַכ־טן, זייערע פאַרגעניגנס — ער איז ווייט, זייער ווייט פון זיי.

אָט דאָ איז די נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. ער קומט אַריין, הייסט זיך געבן אַ בוך און לייענט, — לייענט וועגן דעם, אַז דאָס העכסטע און דאַנקבאַרסטע געפיל ביי דעם מענטשן — איז דאָס געפיל פון ליידנדיקער איינזאַמקייט, ווען דער מענטש פילט זיין אַריינגעוואָרפן

ווערן אין דער וועלט — ווי אַן אײנציקער ברענענדיקער פאַקל, וואָס לײכט בלויז מיט זײן אײגן ליכט, און דער גאַנצער אַרום — איז חשכות און פינצטערניש, אַז די אײנזאַמקײט און דער עלנט איז די העכסטע גוטס פאַרן מענטש און אַלץ דאָס איבעריקע — איז לעכערלעכע אויסדרוכטעניש.

איבערגעלײענט עטלעכע זײטלעך, ווי אויסגעטרונקען עטלעכע כוסות — שטאַרקן, דערקוויקנדיקן ווײן — און אונדזער עלנטער פרײנט שפּאַנט שוין ווידער אין מיט פון המון, שיכור און שטאָלץ פון זײן אויסדערווײלטער פּאָזיציע אין לעבן, און מיט אַן איראָנישן שמײכל שלײכט ער איבער דעם הבל־הבלים פון די מיר־נישט דיר־נישט מענטשן. ברעטעלעך, מיניאַטור־באַשעפענישן, וואָס מײנען, אַז זײ זײנען עפּעס און אַ סך מײנען גאָרנישט — זײ „לעבן" בלויז...

אָבער געדאַנקען זײנען געדאַנקען, שיכורע געדאַנקען, שײנע, לופטיקע, פליענדיקע. זײ שלאָגן זיך באַלד אָפּ אין דער רעאַליטעט, אין דער האַרבער וואָר.

זיצט ער, אונדזער העלד, אויף דער אײנזאַמער באַנק פון אַן עפנטלעכער „פּלאַסע", באַטראַכט צוערשט ווי די שטערן טוישן זײער פּאָזיציע, ווי די קאָנסטעלאַציעס רוקן זיך אָפּ אין גרופּעס אויפן שוואַרצן הימלישן עקראַן, ווי די וואָלקנס, באַלויכטן פון אַ קאַרגער לבנה — שווימען, שווימען... און עס עפנט זיך דערנאָך אומגעריכט, אומפּאַרויסגעזען — אַ טירל אין האַרץ — פון אַזאַ גרויסער בענקשאַפט, פון אַ מענטשלעכער בענקשאַפט צום מיטמענטש, און די טעאָריעס פון דעם לײדנדיקן אײנציקן, דעם אַרײנגעשלײדערטן אין אַ פּוסטער וועלט — ווערן צעשמאָלצן אין אַ געפיל פון פשוטער מענטשלעכקײט, ווי גרויס איז די מיסטעריע פון וואָרט „דו" — דער „דו" איז נישט ווײניקער וויכטיק, ווי דער „איך", דו — דער מענטש, דו — די פרוי, דו — דאָס קינד, דו — דאָס גאַנצע לעבן, דער נעכטן, דער הײנט און די צוקונפט.

דו, דו, דו!

און מיט דעם דאָזיקן נײעם זינגנדיקן געפיל, שלאָפט ער אײן אויפן באַנק פון דער פּלאַסע, אונדזער עלנטער „העלד".

# איבערלעבונגען

וועלכע איבערלעבונגען רודערן אייך אויף מער? די שטאַרקע, וואָס קומען צוזאַמען מיט אויסערלעכע, אַזוי צו זאָגן, סצענעס, עפעקטן, צעבראַסטעטקייטן, געשרייען — אָדער די גאָר שטילע, אינעווייניקסטע, כמעט שטומע?

אין דער טעאַטער־קונסט, וואָס איז אַ נאָכמאַכונג פון לעבן, איז פאַרן אַקטיאָר אַ סך לייכטער אַרויסצוברענגען רוישנדיקע האַנדלונגען, פאַטעטישע זשעסטיקולאַציעס, דעקלאַמאַציע, — ווי די שטילע פאַרבאָרגענע צאַפּלעניש פון דער נשמה. אויף אַרויסצוברענגען אַ טיפע איבערלעבונג, וואָס ווערט כמעט נישט באַגלייט פון ווערטער — נאָר פון אַן איינציקן אויסדרוק פון פנים, אַ וויטיקלעכן גרימאַס, טאָנאַציע פון דער שטים און אַ שטילן בויג פון דעם קערפּער, — אויף דעם דאַרף דער אַקטיאָר זיין אַן עכטער קינסטלער, וואָס איז פעיק צו שפּילן אויף דער דינסטער סטרונע.

אָבער נישט וועגן טעאַטער גייט עס דאָ, וואָס „שפּילט" דאָס לעבן, נאָר וועגן לעבן גופא, וואָס... עקזיסטירט „בלויז".

מיין פריינט, דער מאָלער ב. האָט געלעבט מיט זיין פרוי און קינד (אַ יינגל פון בלויז איין יאָר) אין אַ געדונגענעם צימער אין אַ הויז פון אַ סך שכנים.

מיט זיי אין צימער האָט זיך אויך געפונען זייער הינטל „זוצקע", אַ ווייס פוקס־הינטל, וואָס זיי האָבן אויסגעהאָדעוועט פון גאָר אַ

פּיצלם. דאָס איין־יאָריקע קינד פון מיין פריינט, וואָס האָט ערשט אָנ־געהויבן אַרומגיין, פלעגט אַרומשפּאַצירן אונטערן טיש און צוזאַמען מיט זוצקען פאַרברענגען דאָרט אין גרויס חברשאַפט.

ביי פּאַר מיין פריינט, דעם מאָלער, און ביי פּאַר זיין פרוי, שוין נישט רעדנדיק פאַרן קינד, — איז דאָס הינטל געווען אַ טייל פון דער משפּחה.

ס'האָט זיי אַלעמען פאַרבונדן אַ גרויסע ליבשאַפט, נישט צו באַ־שרייבן. אָבער אַ הונט איז אַ הונט, ער בילט און וועקט אויף די שכנים פון שלאָף, דערצו נאָך טוישט זיך אים אין פרילינג די פעל. די האָר פאַלן אויס און ס'וואַקסן אָן נייע. דער גאַנצער דורכגאַנג, דער „סאַגואַן" ווערט פול מיט האָר. עס זיינען געווען מאָטיוון צו פּראָטעסטירן. נישט אַנדערש ווי מיר מוזן זיך באַפרייען פונעם כלב. לייכט צו זאָגן „באַפרייען" זיך פון זוצקען. וואָס טוט מען מיטן הינטל, אַז ער איז, ווי מ'זאָגט, אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן?

מיין פריינט האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אָנבינדן דעם הונט אויף אַ שטריק און אים פאַרפירן ערגעץ ווייט אין דער שטאָט, ווייט, ווייט, פופציק צי גאָר הונדערט „קוואַדרעס", אים אי־בערלאָזן דאָרט און אויף אַזאַ אופן דערליידיקן דעם ענין מיט די שכנים, וואָרעם באמת, זיי זיינען שוין געוואָרן אומדערטרעגלעך, פּונקט ווי אַלע צרות פון לעבן וואָלט זיך גענומען פון נאַרישן זוצקע.

---

ס'איז געווען אַ שטאַרק־כמורנע און רעגנדיקע נאַכט, ווען מיין פריינט האָט זיך געשלעפּט איבער די גאַסן מיטן הינטל, מיט דער געהיימער כוונה זיך צו באַפרייען פון אים. פריילעך אויפן האַרצן איז אים נישט געווען. גאָרנישט פריילעך. דאָס שטריקל האָט אים ממש געבריט די האַנט. און אָט ווען זיי זיינען געקומען העט ווייט, אין אַן אומבאַקאַנטער געגנט פון שטאָט, האָט ער זיך גענומען אָפּבינדן די שטריק פון הונטס האַלדז. (דער הונט האָט אים דער־ביי אַזוי האַרציק־איבערגעגעבן אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע אויגן פול מיט שוואַרצאַפּל), אָפּבינדן דאָס שטריקל האָט מיין פריינט נישט

געקענט, האָט ער געמוזט אַרויסנעמען אַ מעסערל עס איבערצושניידן, אָבער זיין נערוועזיטעט און שיער־נישט־פאַרצווייפלונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך גאָר איינגעשניטן אין האַנט, בלוט האָט גערונען.

באַפרייט זיך פון הינטל, האָט מיין פריינט אויף גיך זיך אַרויפ־געכאַפּט אויף אַ דורכפאָרנדיקן אָמניבוס, און מיט אַ ציטער אין האַרץ, אויף אַזאַ אופן זיך צעשיידט מיט זוצקען, דעם ליבלינג פון זיין אָרעמער פאַמיליע.

דריי מעת־לעת זיינען אַדורך, און אויפן פערטן, ווען מיין פריינט האָט געעפנט די טיר, איז אויפן שוועל געלעגן אַ שמוציקער, אַ פאַר־שוואַרצטער, מיט אַ שטיק שטריק אויפן האַלדז — אונדזער הינטל זוצקע... די פרייד איז געווען, נישט איבערצוגעבן.

## די אַלמנה, וואָס איז קיין אַלמנה ניט

לויט דער סטאַטיסטיק, זאָגט מען, לעבן פרויען לענגער פון מע־נער. אָבער דאָ ביי אונדז באַקומט זיך עפעס פאַרקערט — עס בלייבן מער אלמנס.

אָט האָב איך געקענט אַ ווילע יידישע פרוי, נישט קיין אויס־ברענגערן, אַן עקאָנאָמישע, וואָס זייענדיק שוין אַ גבירנטע (דער מאַן אירער האָט שוין געהאַט צוויי פאַבריקן, אַ גאַראַזש און אַ פּאָר הייזער), פלעגט זי קויפן אין „אַלמאַסען״, פאַר אַ „ווינטען״ זשער־בע, דריי „ווינטען״ בוימל און ברויט „פאַן דע אַזשער״, נעכטיק ברויט.

דער מאַן און די בנים (אויך די טעכטער) האָבן זיך אויסגע־לערנט לעבן אַ גוטן טאָג, גייען שטענדיק מיט פולע קעשענעס געלט און שיטן מיט פעזעס אויף רעכטס און אויף לינקס, און ווייסן וואָס גוטס איז. (איר וועט דאָך נישט פאַרלאַנגען — איך זאָל אייך אויס־דערציילן — וואָס עס הייסט ביי זיי — גוטס?).

די דאָזיקע יידענע שטייט נאָך ביים קיך און גיט אַכטונג, אַז די דינסט זאָל נישט גיסן צופיל בוימל אין סקאַוואַראָדע, אין פּאַטעל־נע, הייסט עס.

האָט זיך געמאַכט, אַז די פרוי איז פּלוצים פאַרשוואַכט געוואָרן... מען האָט שוין געמאַכט אַלע אַנאַליזן (אַזאַ הוצאה!) און די דאָקטוירים האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— מ'קען יאָ אָפּערירן. אָבער ווער ווייסט צי עס וועט העלפן.

מ'האָט געפּרוווט און עס האָט דאַכט זיך געהאָלפן. די אָפּע־ראַציע איז דורכגעגאַנגען גאָר גוט, אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום, איז די פרוי געווען צום שטאַרבן.

דער מאַן אירער, וואָס האָט געוואַכט איבער איר, האָט איר געהאַלטן אין איין טרייסטן. זי וועט נאָך מירצעשעם געזונט ווערן, דעמאָלט וועלן זיי מאַכן אַ רייזע קיין אַמעריקע און אויך פאָרן זען ווי עס בויט זיך ישראל.

די פרוי, געל און אויסגעדאַרט ווי אַ פּאַראַיאָריקע לימענע, מיט אַ בליק אָנגעפילט מיט אַ שטיק יענער וועלט, לאָזט זיך ניט טרייסטן. זי פירט נאָך אַלץ אירע חשבונות, און דעם מאַן פאַרזאָגט זי מיט אַנטשלאָסנקייט, מיט איר לעצטן כוח:

— זע, אַז די חברה קדישא זאָל ביי דיר נישט שינדן די הויט...

און זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און איר נשמה איז אַוועקגע־פלויגן אין רו און אין שלוה.

נו, דאָ האָט איר אונדזער ערשטן אלמן!... פאַראַן אַ סך. נישט אַלע זייערע ווייבער זיינען געווען אַזעלכע עקאָנאָמישע... געווען פון אַן אַנדער טיפּ — אויסברענגערנס אויך. אָט למשל — די מיליאָנערשע — וואָס איז דאָ יענע וואָך געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט פאַרן מאַן בלויז פינף סימבאָלישע פּעזעס (עס איז געווען איר צווייטער, צי דריטער מאַן).

אַזוי אַז אין שטאָט האָבן זיך אָנגעקליבן עטלעכע צענדליק אלמנס. און אַלע זיינען שיין און געזונט און יונג פּאַר זייערע פופ־ציק יאָר. כּסדר טרויערן נאָך זייערע אַוועקגעגאַנגענע ווייבער — קען מען אויך נישט. ווי זאָגט מען — זיי האָבן אויסגעוויינט דאָס דריטע אויג.

אין שטאָט ביי אונדז, איז פון דער אַנדער זייט, פאַראַן אַן אלמנה. איז זי איינע אין דער וועלט. אַ פאַרשוין, עלעגאַנט. זי זעט אויס אַ סך יינגער פון איר חתונה־געהאַטער טאָכטער.

נו, איז צו איר — ציען זיך עס אַלע אלמנס, ווי פליגן צו איינ־געמאַכטס. יעדער פּוצט זיך אויס אין זיין בעסטן קאָסטיום. מיט אַ קאַוואַלירן־טוך אין דער אויבערשטער קעשענע און אפילו מיט אַ בלום אין לאַץ. און זיי לאָזן זיך קאָסטן אויך, ווייל די אלמנה לאָזט זיך פירן אין די עלעגאַנטסטע „קאָנפיטעריעס", אין דער כינעזי־שער, אין דער אַמעריקאַנער. און יעדער ראַנדעוווּ מיט איר קאָסט, וויפל ווייס איך נישט, אָבער מעגלעך, אַז הונדערטער.

און אַזוי יעדע נאַכט, — זי טווישט אירע פּרעטענדענטן אַזוי ווי אירע היטעלעך. עס הייסט, אַז זי זוכט עפּעס אַ בלויען פּרינץ, וואָס זאָל אָבער אויך האָבן אַ רענט־הויז.

די אלמנס, די פּרעטענדענטן, האָבן זיך ווילנדיק־נישט־ווילנדיק באַגעגנט טאַקע אַרום דער אלמנה. צוערשט האָבן זיי זיך אָנגעקוקט קרומלעך, און דערנאָך ווי אַן אַח־לצרה.

מ'האָט אפילו געפּרוּווט רופן אַ באַראַטונג פון די אלמנס אין אַ קאַפע:

— לאָמיר זיך נישט לאָזן פירן פאַר דער נאָז פון דער דאָזיקער... ווי לאַנג איז דער שיער, אַז זי זאָל צאַפּן ביי אונדז געלט און געזונט?

ביז מ'האָט זיך דערוווּסט, אַז די אלמנה איז קיין אלמנה נישט; זי האָט ערגעץ אַ מאַן, דוכט זיך, אין בוענאָס איירעס, און דאָ פאַר־ברענגט זי דערוויילי.

דער צוביים אין די קאַפּעען, האָט פאַר איר אַלע זיבן טעמים. די מוזיק שפּילט, און די פּרעטענדענטן, די אַלמנס, זיינען אַזוי פריינטלעך... דערצו צאָלן זיי נאָך אַלע חשבונות אירע אויך:

— אָ, ווי גוט עס איז צו לעבן אויף דער וועלט!

## אין אַ שטעטל אין אורוגוויי

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָבן זיך צעשפּרייט אַביסל יידן איבער די צעוואָרפענע שטעט און שטעטלעך טיף אין לאַנד.

די לאַנדשאַפט איז אַ בערגלדיקע. דער הימל — דאָס רוב אַ בלויער. ביימער ווייניק. קליינע טייכלעך „אַראָזשאָס" גליווערן ווו נישט ווו, באַזוימט מיט ווייַנענדיקע ווערבעס און וואַסער־פלאַנצן.

אויף די אַרויף און אַראָפּ זיך הוידנדיקע פעלדער — בהמות, פערד, שעפסן, אין נאַטור־צושטאַנד, שטענדיק אונטערן פרייען הימל.

אין מיטן — אַ פאַרלוירן שטעטל. אַ „פּלאַסע" מיט אַ מאָנומענט, אַן אָפּגעקראָכן קלויסטערל, אַ כל־בו געוועלב מיט אַ „מאָסטראַדאָר" צו סערווירן אַ „קאַניאַ", אַ גלעזל טונקעלן ווייַן.

אויף די זייטיקע געסלעך, שטיבלעך מיט פלאַכע דעכער, אַ ברונעם אַרויסצושעפּן וואַסער מיט אַ שטריק־רעדל. דאָ וווינען עס די „פּייסאַנאָס", אַ טייל פון זיי זיינען בעלי־מלאכות, האָבן אויך אַ שטיקל ערד צו באַאַרבעטן.

צווישן די דאָזיקע ברייט־באַפלודערטע מענטשן לעבן אין שכנות דער ייד זעליג נעסטאָפּאָיאָמסקי (אַ שווערער נאָמען אַרויסצורעדן) און דער סיריאָ־ליבאַנעז כואַן אַבדאַלאַ.

אין גרויס גוטפריינטשאַפט לעבן זיי, די צוויי שכנים.

ביידע קומען זיי אין אָט דעם פֿאַרוואָרפֿענעם העק פֿון איבערן ים. ביידע האָבן זיך צוגעוווינט צום שטילן שטעטלשן לעבן, האָבן ליב באַקומען די לאַנדשאַפֿט און דעם באַזונדערס אויסגעשטערנטן מיט ריזיקע שטערן ביינאַכטיקן הימל.

די שכנים האָבן ליב, זאָל עס זיי נישט זיין צו גנאַי — אַ טרונק בראָנפֿן.

אונדזער זעליג נעסטאָפּאָיאָמסקי (שטעלט זיך פֿאָר די אָנשטרענגונג פֿאַר אַ „קריאָזשאָ" אויסצושפּרעכן אַזאַ גיהנומדיקן נאָמען) און דער אַבדאַלאַ — לאָזן זיך וווילגיין ביי אַ פֿלאַש „טינטאָ", מ'טרינקט, מען דערוואַרעמט זיך, מ'נעמט זיך אַרום און ווי דער שטייגער — מען קלאַפּט זיך אין די פּלייצעס פֿון גרויס איבערגעגעבנקייט, טריישאַפֿט און פֿריינטשאַפֿט. דערביי קומט אַרויס דער סיריש־ליבאַנעזישער אַראַבער מיט אַזאַ פֿיזמון:

— דו, זעליג, ביזט אַ טייערער מענטש. אָבער איך וואָלט געוואָלט דערלעבן דאָס גליק צו קענען מיט מיינע אייגענע הענט דערהרגענען כאָטש אַ דריי יידן אין איסראַעל...

מאַכט צו אים זעליג:

— וואָס דאַרפֿסטו פֿאָרן אַזש קיין ישראל צו הרגענען יידן? אין אורוגוויי זיינען אויך דאָ יידן. און איך אַליין, ווי דו ווייסט, בין דאָך אויך אַ ייד... איז קום לאָמיר אַרויס אויף דער „פּלאַסע" און טו זיך אָן דעם גוסט...

און דער ווייַן האָט שוין געהאַט גאָר שיין צעשפּילט די געמיטער. די אויגן האָבן געפֿלאַמט און מען איז געווען גרייט שוין, גלייך, צו סילוקן דעם חשבון צווישן די צוויי פֿעלקער.

און כאָטש עס איז געווען פֿאַרנאַכט צו, די שקיעה האָט שוין געהאַט אָפּגעשפּילט איר סימפֿאָניע פֿון קאָלירן, — האָבן די איינוווינער פֿון שטעטל נאָך געקענט צוזען ווי צוויי דערוואַקסענע מענער פֿאַרקאַשערן זיך די אַרבל און מ'הויבט אָן שיטן מיט קלעפּ אויפֿן פּנים, אין ברוסט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז זעליגס מתנת־יד זאָל זיין ווירקני־דיקער, און דער אַראַבער איז געבליבן אויסגעצויגן אויף דער ערד אַ האַלב אָדער כמעט אין גאַנצן אַ טויטער.

כדי אָפּצומינטערן זיין פריינט, האָט זעליג געבראַכט פון „פּאָסאָ טעגראָ", דעם שטעטלשן אָפּטרעט, אַן עמער אומריינקייט און נאָך אַרויפגעגאָסן אויף אים.

קורץ. ס'איז געקומען דער קאָמיסאַר, געפּאָרשט, זיך נאָכגע־פרעגט און צום סוף פאַרשריבן אַ „מולטע" — אַ שטראָף פאַרן באַ־שמוצן אַן עפנטלעכן פּלאַץ מיט אַ פליסיקייט, וואָס שמעקט נישט פריש.

# אַ גמילות־חסד

אין וויזשאַ מוניאָז ווינט זיך אַ שניידערל. אין צייט פון קריג איז עס אים אַוועק גאָרנישט שלעכט. געפירט אַ „טאַזשער". אָפּגע־שפּאָרט אַביסל געלט. זיך אַפילו געקויפט אַ הויז און אַן אַלטן קאָטש, אַ פאָרדל פון 1936.

דער שניידער האָט זיך, ווי דער שטייגער איז, אַ פרוי און קינ־דער שוין אונטערגעוואָקסענע. דער מיטלסטער פון זיי איז אַפילו אַ קנאַפּער לייט. ער האָט זיך געשניטן אויף אַ „קוועגטעניק". געגנ־מען ביי אַ סוחר איין מאָל אַ פּעקל און עס פאַרהוליעט. אַ צווייטן מאָל — אויך דאָס אייגענע. אָבער נישט וועגן אים איז דאָ די רייד און אויך נישט וועגן שניידערס פרוי, וואָס אַזוי איז זי זיך אַ טייערע יידענע, אָבער זי רעדט צופיל. זי רעדט שטענדיק — אינדערפרי, ביי טאָג און ביינאַכט און אויך פון שלאָף. ווען דער שרייבער פון די שורות וואָלט געהאַט איר כוח הדיבור, וואָלט ער געוואָרן אַ פּאָלי־טיקער, צום ווינציקסטנס — אַ סעקרעטאַר אין אַ היגער אינסטי־טוציע.

אַ פּאָר יאָר נאָך דער מלחמה האָבן זיך אָפּגעזוכט דעם שניי־דערס אַ ברודער און זיין פאַמיליע — אַ פרוי מיט צוויי פּיצלעך קינ־דער. אונדזער שניידער האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, אַביסל איינגעצויגן דעם פּאַסיק, און אַראָפּגעבראַכט דעם לעבן־געבליבענעם ברודער מיט זיין משפּחה אַהער קיין אורוגוויי.

איז עס, דאַכט זיך, שיין און פיין.

דער „גרינער" מיט זיין פאַמיליע האָבן די ערשטע צייט געוווינט אין אַ צימער ביים ברודער. צו רחבותדיק איז די דירה נישט געווען, און געאַרבעט האָט ער ביי וואָס עס האָט זיך געמאַכט. פריער ביי פּרעסעריי, דערנאָך געפּרוווט עפּעס ביי האַנדל. קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט ער נישט אויפגעטאָן.

זאָגן, אַז קיין רייבונגען צווישן די צוויי פאַמיליעס — איז נישט געווען, קען מען נישט. די באַריידעוודיקע יידענע דעם שניידערס, האָט געמאַכט קרומע פּיסקלעך. כאָטש אַלע האָבן, פאַרשטייט זיך, גערעדט יידיש, האָבן זיי אָבער גערעדט אויף צוויי באַזונדערע לשונות.

דער גרינער האָט פאַרלאַנגט ביים ברודער, ער זאָל אים שרייבן אַ גאַראַנטיע אויף אַ באַזונדערע וווינונג... ווייל — זאָגט ער — מיר זיינען נישט געקומען אין אַמעריקע צו לעבן אין נויט און אין ענגשאַפט. אין די לאַגערן ביי היטלערן — האָבן זיי זיך שוין גענוג אָנגעקוועלט.

קיין גרויס חשק צו שרייבן אַ גאַראַנטיע אויף אַן ערשטקלאַסיקן נייעם אַפּאַרטאַמענט האָט דער שניידער נישט געהאַט. ס'איז פאָרט אַ ריזיקע, און זיין ווייב מיט די קינדער האָבן אויך נישט דערלאָזט. פאַר אַ געוויינלעכער דירה — יאָ; אָבער פאַר אַזאַ לוקסוס-אַפּאַרטאַמענט — ס'איז איבער זיין כוח.

נו, אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין, אַ שאַרפלעך וואָרט, אַ באַליידיקנדיק וואָרט, און דער גרינער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר מיט אַ געשריי:

— דו וועסט נאָך קומען צו מיר נאָך אַ גמילות-חסד...

ס'איז אַוועק אַ האַלב יאָר, האָט דאָס גרינע ווייבל אָנגעפירט מיט אַ טאַזשער ביי איר אין וווינונג, פון זיידענע פרויען-וועש. — דער מאַן, אונדזער באַקאַנטער ברודער פון שניידער, האָט אין אַ גאַראַזשל פאַרלייגט אַן אינדוסטריע פון מעטאַלענע שפּילצייג, לאַ-

פּעטקעס און העמערלעך. אַביסל שפּעטער האָט ער שוין אויך אויס־געאַרבעט טיילן צו מאַשינען.

די לאַנדשפּראַך האָבן זיי ביידע, מאַן און פרוי — זייער גיך געכאַפּט. עס זעט אויס ווי זיי וואָלטן דאָ געווען שוין צענדליקער יאָרן.

אין דער קאָמערץ האָבן אַ גרויסן נאָמען ביי די פאַבריק פון פרויען־וועש און ביי דער „טאַזשער" פון מעטאַלענע טיילן, זיי באַ־שעפטיקן צענדליקער מענטשן. און דאָס אַלץ אין אַ פּאָר יאָר, אין פיר צי אין פינף יאָר.

עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן אַז זיי האָבן געבראַכט געלט... דאָס קען מען נישט וויסן. אָבער אַרבעטער זיינען זיי — איינע אין דער וועלט...

ביי אונדזער שניידער אין ווייזשאַ מוניאָז, האָט זיך לעצטנס די לאַגע היפּש פאַרערגערט. דער זומער־סעזאָן איז גוט אין דער ערד. און דאָ האָט ער צאָלונגען. מען דאַרף זיך פּשוט אַרויסדרייען פון געריכט צוליב די טייערע מעשים פון זיין מיטלסטן זון, דעם אָנזע־צער. — און ער האָט נישט קיין אַנדער ברירה ווי גיין קריגן עפּעס געלט ביי זיין רייכן ברודער. (דער גרינער האָט איצט אויפגעבויט אַ הויז פון פיר און צוואַנציק אַפּאַרטאַמענטן).

— גוט מאָרגן, ברודער!

— גוט יאָר, וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן?

— איך... איך וואָלט דיר געוואָלט בעטן... אַ גמילות־חסד... מיין

זון, ווייסטו... האָט זיך שוין ווידער פאַרדרייט.

## יאָ אַ גנבה, נישט קיין גנבה...

אין מיטן וועג צווישן די שטעט פּייסאַנדו און סאַלטאָ, געפינט זיך די שטאָט ב.

אַ פיין שטעטל, — מיט אַ „פּלאַסע", אַן אָפּגעריבענער קלויס־טער, אַ געזעלשאַפטלעכער קלוב פאַר די נאָטאַבלען, וועלכער ווערט באַזוכט פון דאָקטער, „אינטענדענט", לערערס פון לאָקאַלן „ליסעאָ" און בכלל פיינע לייט.

פאַראַן דאָרט אויך עטלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס אויף זיי איז נאָך געבליבן דער אַמאָליקער נאָמען — „טורקאָס". זיי האַנדלען, האָבן געוועלבן, קריגן זיך אַרום, לאַנגווייליקן זיך — און מען מאַכט אַ לעבן.

איינער פון זיי הייסט — יאַנקל מילכיקער (די גויים רופן אים — כאַקאָבאָ מילטשיקער — מיט אַקצענט אויף דער לעצטער זילב), אַזוי איז ער זיך נישט קיין שלעכטער מענטש, נאָר ער האָט עפּעס אַ שטיקל חיסרון — ער טרינקט. ער האָט ליב אַ גלעזעלע, ריכטיקער — אַ פלעשעלע.

האָבן האָט ער זיך אַ ווייב מיט פינף בנים — דער עלטסטער — אַ יאָר פינף און צוואַנציק, דער יינגסטער — זיבעצן. און אַלע אַר־בעטן, עס הייסט — באַדינען דאָס געוועלב, וועמענס נשמה איז — זיין שיינע ברונעטע פרוי — חוה.

די דאָזיקע משפּחה האָט מזל צום שטעטל. פּרנסה קומט אַריין מיטן שעפל, זאָל עס נישט אויסגערעדט זיין — עטלעכע הונדערט פּעזעס לייזונג יעדן טאָג.

דער פֿאַמיליען־פֿאָטער, דער כאַקאָבאָ מילטשיקער — האָט זיך זיין קרייז — דער וועטערינאַר, דער אונטער־קאָמיסאַר און נאָך אַ פּאָר חשובי העיר, מיט וועמען ער פֿאַרברענגט ביי אַ וויסקי (אין זיין ברייטהאַרציקייט פֿונדעוועט ער אַלעמען מיט די בעסטע גע־טראַנקען).

עס טרעפֿט זייער זעלטן מ׳זאָל אים ברענגען אַהיים, ווי זאָגט מען עס — פֿון רינשטאָק אַרויסגענומען. בכלל קייקלט ער זיך אַביסל אויפֿן טראָטואַר און ברומט עפּעס אַ ניגון פֿון אַ יום־כּפּורדיקער תּפילה (ווו אַ יידישער ניגון קען מגולגל ווערן!)

אויף דער אַנדער זייט „פֿלאַסע" האָט זיין געוועלב אַ צווייטער ייד — מלך עפּשטיין (זיין נאָמען ווערט דאָ אַרויסגערעדט — מיי־לעטש), ער האָט אַ ווייב, חיה — מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען, און אַ טעכטערל פֿון אַ יאָר זיבעצן־אַכצן — אַמאַליע — הייסט זי — בלוט און מילך — שיין ווי אַ האַלבע וועלט, נישט צו נאַריש, נישט צו קלוג — אַ פֿאָלגעוודיק קינד, דער מאַמעס אַ וואָרט איז ביי איר קודש קדשים.

און דער דאָזיקער פֿאַמיליע גייט עפּעס נישט אין מסחר. דאַכט זיך פֿיינע מענטשן, מענטשן מיט אַ שטעל, אָבער די פּרנסה איז אַ קאַרגע. אַמאָל איז עס זיי געגאַנגען בעסער, אָבער זינט דער כאַ־קאָבאָ מילטשיקער האָט זיך דאָ אַריינגעצויגן (אַ יאָר אַכט שוין אין דעם) גייט עס זיי ווי זאָגט מען עס — מיט דער פּוטער אַראָפּ. — די סוחרים האָבן ביסלעכווייז אויפֿגעהערט שיקן סחורה און זייער קרעדיט איז זייער געפֿאַלן, אפילו די „רייזנדער" וואָס קומען אַהער, מיידן אוים זייער קראָם. זיי ליגן גאָר מיט דעם מילטשיקער אין שיינקל און מאַכן אַ כוסה. און די חובות וואַקסן, וואַקסן, און דאָ דאַרף מען אויך אַ טאָכטער חתונה מאַכן. ס׳איז שווער צו לעבן אויף

דער וועלט! אויף די מילכיקערס טראָגן זיי אַן אַלטן רוגז, און ס'איז דאָ פאַרוואָס אויך. גיי חבר זיך מיט שיכורים, דערצו נאָך וואָס נע־מען צו די פרנסה.

אָבער דער גורל פון דער וועלט פירט זיך אַליין. דאָס מיידל אַמאַליע מיטן עלטסטן זון מילכיקערס, כוּאַנסיטאָ, קענען זיך נאָך פון קינדער. קיין אויסוואַל צו מאַכן איז נישטאָ אין שטעטל, און חתונה מאַכן אַ קינד ווילט זיך, פאַרשטייט זיך, מיט יידן, — איז פאַר־וואָס זאָל נישט ווערן שידוך?

און עס איז געוואָרן. די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן אין מאָנטעווידעאָ, אויף גאָר אַ גרויסאַרטיקן אופן, אויף האָניק־חודש איז מען געפאָרן קיין בראַזיל... און עס איז צוגעקומען נאָך אַ פּאָרל אין שטעטל. אייגנטלעך — האָבן זיי קיין נייע היים נישט געבויט, נאָר אַריינגעקליבן זיך אין דער שמאָליק־גרוב פון חתנס עלטערן, ווו מ'האָט זיי אָפּגעגעבן עטלעכע צימערן, אויסגעשטאַט מיט די סאַמע מאָדערנסטע מעבל, אַ ראַדיאָ־דינאַמישע און דאָס יונג ווייבל איז אַוועק־געשטעלט געוואָרן ביי דער קאַסע, אַן אייגענע האַנט, אַן איינציקע פרוי צווישן אַזויפיל בנים זכרים, און אַ געהילפן פאַר דער מיל־כיקערן.

אַלץ איז פיין, זייער פיין.

מערקט מען אָבער פּלוצים, ווי ביי דעם יונגן ווייבלס עלטערן אין געשעפט — פאַרשענערט זיך די וויטאַווע און אויף די פּאָלי־צעס פאַרמערן זיך סחורה... וואָס איז געשען... געמאַכט די „גראַנדע"? אפשר יאָ...

ביז אין אַ שיינעם טאָג האָבן די מילכיקערס זיך געכאַפּט, אַז עפּעס איז דער מער מיט זייער קאַסע... וואָלט געפעלט אַ הונדערטער, צוויי הונדערט, וואָלטן זיי זיך נישט געכאַפּט. אָבער דאָ פעלן יעדן טאָג — דריי הונדערט, פיר הונדערט, פינף הונדערט... און מ'האָט אָנגעהויבן זוכן, — האָט מען ביי דעם יונגן ווייבל געפונען אין איר קליידער־שראַנק (מ'האָט געדאַרפט צומאַכן אַ שליסל) — צוויי טויזנט פעזעס; דאָס איז געווען איר „פּריוואַטע" לייזונג. וואָס זי האָט

זיך געקליבן איבערצוגעבן דער מאַמען (יעדע וואָך האָט זי איר גע־בראַכט פופצן הונדערט, צוויי טויזנט פּעזעס).

געכאַפּט דעם גנב, האָבן די מילכיקערס איר גענומען אויף אַ פאַרהער: ווי טוט עס אַ יידישע טאָכטער? פאַרוואָס און צוואָס?

האָט די טייערע שנור זייערע, די אַמאַליע, געענטפערט, אַז זי האָט נישט געגנבעט, נאָר גענומען איר אייגנס, ווייל דאָס געשעפט איז אויף איר מאַנס נאָמען (דער פאָטער איז דאָך, ווי באַקאַנט, אַ שיכור) און דעם מאַנס פאַרמעגן איז איר פאַרמעגן... וואָס וויל מען פון איר... און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ ביטער געוויין.

לויט די קאַרגע חשבונות פון די מילכיקערס, האָט די שנור אַרויסגעטראָגן און איבערגעגעבן איר מאַמען — פופצן טויזנט פּעזעס.

דערווייל איז דאָס פּאָרל צעטיילט און די מילכיקערס גייען אַרום קראַנק פון ערגערניש און ביטערניש. אין פּאָליציי קען מען די זאַך נישט איבערגעבן, ווייל יורידיש איז עס — יאָ אַ גנבה — נישט קיין גנבה — ווער ווייסט?

# אַ ייד פון גאָעס

אין גאָעס, ווו מען איז געפאָרן מיטן 14־ער טראַמוויי (אַיי אַ שאָד וואָס מ'האָט אַראָפּגעוואָרפן די טראַמווייען, דערצו נאָך צוליב די „גוואַרדאס" און קאָנדוקטאָרן, צווישן זיי אויך יידישע, וואָס האָבן געמוזט נעבעך אויף דער עלטער זיך איבערפּראָדוקטיוויזירן. איך קען אַזוי פיל מעשיות וועגן „גוואַרדאס"...), איז אייגנטלעך פאַראַן נאָך אַ גאָעס — וויזשאַ מוניאָז.

איך ווייס נישט — ווו איר, אָבער דער שרייבער פון די דאָזיקע פאַרכאַפּנדיקע שורות, איז געבוירן געוואָרן אין אַ יידישער שטאָט, דערצו נאָך אין דער יידישער גאַס פון דער יידישער שטאָט. ביזן עלטער פון 8—9 יאָר, האָט ער איבערהויפּט נישט געוווסט, אַז עס זיינען פאַראַן גויים אויף דער וועלט. ייִדן, יידן און שוין! דערפאַר אפשר צוט עס מיך אַזוי אין די יידישע געסלעך, ווי אַלוועאַר, עמיליאָ רעוס, שוין נ׳ט רעדנדיק פון בעניטאָ טשאַין און טאָמאַס מוניז. אין די פריערדיקע יאָרן, אַז דער טראַמוויי פלעגט אַריינפאָרן מיט דעם צעשאָקלטן „קאָטש" און צעריסענע שטרויענע זיץ־פלעצער, פלעגט אויסשרייען דער „גוואַרדא" ניט אָן חוזק (אָבער איך פלעג עס גאָר־נישט באַמערקן): פּאַלעסטינאַ!, אָדער גאָר — תל־אביב!

יאָ, איז אויף איינער פון אונדזערע באַליבטע געסלעך — בעניטאָ טשאַין, אָדער טאָמאַס מוניז (מ'טאָר נישט זאָגן געגנט אויף וועלכער) ווינט זיך פון כמה יאָרן שוין אונדזער היינטיקער העלד.

הייסן הייסט ער, פּשוט — יאָסל און זיין פֿאַמיליען־נאָמען (ווי אַזוי זאָלן מיר אים פֿאַרדרייען?) איז — סלאָנימסקי, יאָסל סלאָנימסקי. פֿון באַרוף איז ער אַ היטלמאַכער. ס'איז אַפֿילו נישט אַזאַ גאַנגבאַרע פּראָפֿעסיע היינט־צו־טאָג, ווען דער עולם גייט מיטן נאַקעטן קאָפּ. אָבער נישט צו פֿאַרזינדיקן, היטלען טראָגן נאָך ברוך־השם די זעלנער, „מיליקאָס", שאָפֿערן, „גוואַרדאַס", „פּאָרטעראָס", „זשאָקעיס", „מאַרינעראָס", קאַפּיטאַנען, גאַסן־קערער, גענעראַלן און נאָך און נאָך אָפֿיציעלע לייט.

די אמתע אונטערנעמער פֿון די היטלען, וואָס נעמען אַליין אָן די קאָנטראַקטן ביי די טראַנספּאָרט־קאָמפּאַניעס און ענלעכע, האָבן גאָר זייערע „טאַזשערן" אין צענטער, אָבער אונדזער יאָסל באַקומט אַרבעט טאַקע פֿון זיי, דאָס הייסט — פֿון דער דריטער האַנט. אָבער ער קלאָגט זיך ניט. ער אַרבעט זיך געמיטלעך מיט זיינעם אַ פּועל, ביים גרויסן טיש מיט די אָנגעשטעלטע הילצערנע קעפּ־פֿורעמס, זינגט זיך אונטער אַ ניגונדל, און — באַאַרבעט די וועלט. יאָ, ער באַזאָרגט אויף זיין רואיקן, שטילן אופֿן אַלע ענינים, פֿריער פֿון גאָעס, דערנאָך פֿון דער שטאָט און צום סוף — פֿון דער גאַנצער וועלט.

שטענדיק געפֿינט זיך ביי אים עמעצער פֿון זיינע שכנים, זאָל עס זיין דער בעקער פֿון „אייראָפּעיש ברויט", דער מאָלער פֿון אַנטקעגן, דער סטאָליער, וואָס איז אַ פּאָליטיקער דורך און דורך, וואָס מען רופֿט אים אַזש — די „פֿעלקער־ליגע" — אַ נאָמען נאָך פֿון די אַמאָליקע יאָרן.

די גאַנצע וועלט ווערט, ווי געזאָגט, באַזאָרגט אין דעם „טאַזשערל" פֿון אונדזער יאָסל סלאָנימסקי, און נישט נאָר די גרויסע וועלט, ווי די פֿילאָזאָפֿן רופֿן עס — מאַקראָקאָסמאָס, נאָר אויך אונדזער קליין וועלטעלע, דער מיקראָקאָסמאָס. אין אַלע פֿאַריינען און פֿאַריינדלעך איז אונדזער יאָסל אַ גוטשטייענדיקער מיטגליד, זאָלן זיי זיין רעכטע, מיטעלע, לינקע; פֿילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס, נישט־געשטיגענע אינסטיטוציעס — אומעטום צאָלט יאָסל, און קיין „קאָבראַדאָר" (אינקאַסענט) דאַרף צוויי מאָל צו אים נישט קומען.

און דאָס געמיט איז ביי אים שטענדיק, אַזוי צו זאָגן, אַן אָנגע־לייגטער. שטענדיק איז ער צופרידן. מ׳האָט נאָך פון אים נישט גע־הערט זאָגן אויף וועמען אַ קרום וואָרט. קיין שלעכטע מענטשן עק־זיסטירן ביי אים נישט. ער האַלט, אַז עס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה — עס זיינען גאָר נישטאָ קיין שלעכטע אויף דער וועלט. וועגן זיינע אייגענע עסקים זאָגט ער — דאַנקען גאָט, מ׳דאַרף גאָר נישט בעסער! און אויב עמעצער האָט אים אַמאָל באַוואָלהט איז עס פאַר אים אַ טעות, אַן אויסדרוכטעניש.

ס׳טרעפט — אין גאָעס דאַרף מען פאַר עמעצן שאַפן געלט. דורך אַן אַקצידענט איז אומגעקומען אַ „קאַמיאָן"־פירער, ס׳איז גע־בליבן אַן אַלמנה און קינדער. לייגט יאָסל אַוועק זיין אַרבעט אויף האַלבע טעג און גייט אַרוים צו יידן. צום ערשטן קומט ער אַריין צום גרויסן גביר, וואָס האָט זיין געשעפט אויף אַרענאַל־גראַנדע, אויף דער הויפט־גאַס פון געגנט, צו דעם סעניאָר זעלמאַנאָוויטש. דער דאָ־זיקער איז אַ ווילער ייד, אָבער זאָל נישט אויסגערעדט זיין — אַ קאַרגער.

יאָסל קומט אַריין. זעלמאַנאָוויטש ווייסט שוין נאָך וואָס, אָבער יאָסלען קען מען נישט אָפּזאָגן. פרעגט ער:

— וויפל?

— אַ פינף און צוואַנציקער!

כאַפּט זיך זעלמאַנאָוויטש פאַרן קאָפּ — גזלן, איך וועל זיך צוליב אייך אַרויסציען פון דער געגנט.

יאָסל ווייסט, אַז ער וועט דאָ מוזן עפּעס אַראָפּלאָזן, ווייל יענער האָט ליב מציאות, אַ שרעק.

— נו, גוט, זאָל זיין פיר און צוואַנציק פּעזעס!

איז שוין זעלמאַנאָוויטש ווייזט אויס גליקלעך, פאַרט אַראָפּגע־דונגען עפּעס און ער משלמט.

לעצטנס איז אונדזער יאָסל געוואָרן ערנסט קראַנק. טאַטע־פאָטער! ווי אַ מענטש קען זיך עס ענדערן. עפּעס ווייט פון אים מיט אַזאַ שטילקייט. ער שטייט נאָך ביי זיין טיש, נאָר די אַרבעט רירט זיך נישט, און ווען עמיצער פרעגט אים: ווי גייט עס? ענטפערט ער אויף זיין שטייגער?

— גאָט צו דאַנקען... גאָט צו דאַנקען... שיער־שיער געזאָגט מ'דאַרף נישט בעסער. אָבער ער שטעלט זיך אָפּ, און שווייגט. יאָסל שווייגט לעצטנס זייער אַ סך...

# ש וו ע ס ט ע ר ס

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און אַז דער חורבן אין יעטוועדער יידישער משפחה, איז שוין געווען גענוג קלאָר, כמעט אַלע זיינען פאַרשניטן געוואָרן, האָבן זיך דאָרטן און דאָ אָפּגעזוכט איינציקע גלידער פון די אַמאָליקע צעוואַקסענע פאַמיליעס מיט עטלעכע אָפּצווייגן פון פעטערס, מומעס, קוזינען, נענטערע און ווייטערע קרובים.

אין דער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ בריוועריי, אַ נאָכפרעגן, אַן אויספאָרשן. מ'האָט ווידער אָנגעקניפּט פאַמיליען־באַציאונגען. פון ניו־יאָרק האָט אַ ברודער געזוכט אַ שוועסטער אַזש אין אויסטראַליען; פון יאָהאַנעסבורג האָבן קוזינען געשריבן קיין בוענאָס־איירעס און צוריק. אפשר לעבט נאָך ווער פון דער משפחה? ווייל אויף די אַדרעסן־ליסטעס וואָס זיינען אָנגעקומען פון אייראָפּע, איז קיין סימן פון דער פאַמיליע גאָר נישטאָ. דער חורבן האָט אַלעמען פאַרשלונגען.

אַזוי האָט פון מאָנטעווידעאָ זיך ווידער פאַרבונדן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ שוועסטער אין ניו־יאָרק נאָך אַן איבערייס פון צענדליקער יאָרן, — צווישן די שוועסטערס שמש, וואָס שטאַמען פון אַ קליין שטעטל אין וואָלין.

ביידע האָבן, פאַרשטייט זיך, שוין לאַנג חתונה געהאַט, האָבן זיך יעדע איינע איר באַזונדערן גורל, געשאַפן נייע משפחות, האָבן קינדער, וואָס ריידן אויף באַזונדערע לשונות, אָבער בלוט איז נישט קיין וואַסער.

די בריוו, וואָס די שוועסטערס שרייבן איינע צו די אַנדערע, זייַנען דורכגעווייקט מיט טרערן. אַזויפיל דערמאָנונגען... אַזויפיל ליבשאַפט צו די עלטערן, ברידער, שוועסטער און בכלל צום שטעטל; צו דער יוגנט וואָס איז פאַרגאַנגען און וועט זיך שוין מער נישט אומקערן, און דער עיקר צו דער ליבער און טייערער שוועסטער, וואָס האָט זיך אָפּגעזוכט אין ווייטן מאָנטעווידעאָ און אין גרויסן ניו־יאָרק.

יאָרן גייען. עס זייַנען שוין אַוועק צען יאָר נאָכן חורבן און נאָכן ווידער־געפינען זיך אויפן פּאַפּיר פון די שוועסטערס. און אָט קומט אָן די פריילעכע ידיעה, אַז די ניו־יאָרקערין וועט מאַכנדיק אַ רייזע אַרום דער וועלט מיט איר מאַן, זיך אויך אָראָפּכאַפּן אויף אַ שטיקל צייט קיין מאָנטעווידעאָ.

אַ גדולה, אַ פרייד, נישט צו באַשרייבן!

די מאָנטעווידעערין מיט איר מאַן, משפחה, גראָד באַשיידענע מענטשן, אָרעמלעכע אַפילו, בעלי־מלאכות, מען מאַכט קוים אַ לעבן, האָבן זיך גענומען גרייטן אויפצונעמען דאָס אייגן בלוט און פליייש. מ'האָט אָפּגעליידיקט אַ צימער. די קינדער זייַנען געגאַנגען שלאָפן אויף אויפגעלייגטע בעטלעך. און כדי ווי געהעריק אויפצונעמען די טייערע געסט, האָט מען אַפילו אַרויסגענומען אַ הלוואה אין באַנק אויסצוצאָלן אויף אַכצן חדשים. מ'האָט געמאַכט שיין און שטוב. געקויפט פאַרשיידענע געטראַנקען מכבד צו זיין די געסט און גוטע פריינט אויף אַ קבלת־פּנים, צו וועלכן מען האָט געפּלאַנט איינצולאַדן לאַנדסלייט, באַקאַנטע, היימישע מענטשן.

די לוקסוסדיקע טוריסטן־שיף איז מיט מזל אָנגעקומען, און פון איר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט די גרויסאַרטיקע טוריסטן, מענטשן איינס און איינס, אַרויסגעאַרבעטע עלעגאַנטן, מיליאָנערן אפשר, מיט די „קאָמשן" וואָס זיי האָבן געפירט מיט זיך, צו קענען מאַכן אַ שפּאַציר אין יעדער שטאָט וווּ זיי לאַנדן. און צווישן זיי אויך די שוועסטער, די געוועזענע שמש, מיט איר מאַן, דעם קאַפּעלוש־פאַבריקאַנט, וואָס רעדט נאָר ענגליש.

מ'האָט זיך אַרומגעכאַפּט, ווי דער שטייגער, פאַרגאַסן אַפילו אַ טרער בעת דער טרעפונג, אָבער די אַטמאָספערע אַרום זיי האָט זיך געשאַפן אַ קילע, אַ קאַלטלעכע, מענטשן פון באַזונדערע וועלטן.

די ניו־יאָרקער געסט האָבן אַפילו נישט צוגעלאָזט דעם געדאַנק צו גיין וווינען דאָרט ערגעץ אין אַ העק, אין אַ מאָנטעווידעער געסל. זיי וועלן איינשטיין אין גרעסטן האָטעל, אין אַ גאַנצן אַפּאַרטאַמענט, און זאָל די היגע שוועסטער קומען צו זיי אויף מיטיק אין דעם עלע־גאַנטן האָטעל־סאַלאָן; אָבער זיך אָנטאָן ווי געהעריק, מיטן נויטיקן עטיקעט.

די מתנות, וואָס די ניו־יאָרקער האָבן איבערגעלאָזט, זיינען גע־ווען עטלעכע גלאַנציקע ניי־גאָלדענע זאַכן. זיי האָבן בכלל אַרויסגע־וויזן אַ קנאַפּן אינטערעס צו טרעפן זיך מיט די קינדער, מיט משפחה. זיי האָבן יאָ אַרויסגעוויזן אינטערעס זיך צו באַגעגענען מיט היגע תושבים, אָבער בלויז מיט אַרויפגעאַרבעטע, רייכע, אָלרייטניקעס, ווי זיי אַליין.

אָפּגעווען עטלעכע טעג, באַזוכט די נאַכט־קלובן, אַטראַקציעס און אַוועקגעפאָרן.

# דער שיינער בחור

מיינע ליבע פריינט, איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה, און דאָס מאָל — נישט וועגן עפּעס אַ ליטוואַק, אָדער אַ גאַליציאַנער, היימישע מענטשן, אונדזער פאָלק — נאָר וועגן אַ מערבדיקן. אַ ייד פון צענטראַל־אייראָפּע, פון אונגאַרן, צי פון עסטרייך. שטאַמען שטאַמט ער פון מיקלאַש, אָדער גאָר פון היידעקרוג. איצט איז ער סך־הכל אין לאַנד קוים עטלעכע יאָר. מ'האָט אים ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט אַהער, ווי אַ טעכניקער־ספּעציאַליסט אין אַ וויכטיקער אינדוסטריע.

ער האָט זיין אייגנס אַ לאַבאָראַטאָריע אין דער פאַבריק און ער ווערט געשעצט און געערט פון אַלעמען.

די שפּאַנישע שפּראַך האָט ער זייער גיך געכאַפּט, אָבער אין זיין „נאָזאָטראָס" און „זאַבאַדאָ" — דערקענט מען פון אַ מייל פון דער ווייט, אַז ער איז אַ מין יעקע.

אויסערלעך איז ער זייער אַן אנגענעמער יונגערמאַן. ער דאַרף זיין אַ יאָר דרייסיק, צי צוויי־און־דרייסיק, אַ ברונעטער מיט בלויע

אויגן, ווי עס טרעפט אַמאָל. און ער איז איידל אין זיין באַגיין־זיך מיט די מענטשן אין פאַבריק.

פאַרביי זיין לאַבאָראַטאָריע גייט אָפט דורך דאָס זיבעצן־יעריקע מיידל גראַסיעלאַ. זי אַרבעט טאָקע אין דער פאַבריק־ביוראָ. שיין איז זי און בליענדיק, ווי אַ יונג ביימעלע.

— „בוענאָס דיאַס, סעניאָר טעקניקאָ!"

— „בוענאָס דיאַס, סעניאָריטאַ!" — אַזוי באַגריסן זיי זיך אָפט. און עס מאַכט זיך, אַז זיי גייען אויף דעם זעלבן וועג, באַגלייט ער זי שוין אַביסל. מען שמועסט. דער טעכניקער זאָגט: — „אורוגוויי עס און לינדאָ פּאַיס!" — (אורוגוויי איז אַ שיין לאַנד) דאָס מיידל איז צופרידן. און אויף מאָרגן — ווידער דאָס אייגענע. דערנאָך וואַרט מען שוין איינער אויפן אַנדערן, און מ'איז זייער פריינטלעך...

גייט אַדורך אַ שטיקל צייט, פיינע עטלעכע חדשים, ווי אין פאַב־ריק יאָוועט זיך גראַסיעלאַס פאָטער. ער איז אַ מיטליעריקער מענטש מיט אַ שטרענגלעכן פנים. ער פרעגט זיך נאָך — וווּ עס געפינט זיך דאָ די לאַבאָראַטאָריע. קלאַפּט אָן, קומט אַריין און גייט אַרויס מיט לשון:

— יונגערמאַן, מיין טאָכטער איז אין אַנדערע אומשטענדן. אויב ער וויל האָבן גאַנצע ביינער, איז זאָל ער שוין, די מינוט, חתונה האָבן. ער דאַרף זיין גליקלעך, וואָס אַזאַ שיין בלימעלע איז אַריינ־געפאַלן צו אים...

וואָס האָט געזאָלט טאָן דער טעכניקער? ער איז דאָ אַ פרעמ־דער. און אַביסל מורא האָט ער אויך. ער האָט זיך אָנגעהערט, אַז אין די לענדער איז מען לייכט אויפן פויסט און נאָך ערגערס אויך.

און מ'האָט חתונה געהאַט. זיך אָפּגעשריבן ביים ריכטער. אויס־געמעבלירט אַ גרויסאַרטיקע וווינונג, ווי עס פּאַסט פאַר דעם הויפּט־טעכניקער פון דער גרויסער פאַבריק (זיין געהאַלט איז צוויי צו דריי

טויזנט פעזעס אַ חודש, אויסער די פּראָצענטער פון באַלאַנס). און מ'האָט געלעבט. ס'איז געקומען אַ קינד. דאָס יונג מיידל גראַ־סיעלאַ האָט באַקומען אַן אויסזען פון אַ דאַמע. זי פירט זיך זייער ברייט, גאָר ברייט.

דאָ געפעלן איר נייע טעפיכער, אָבער עכט־פּערסישע, און אָט טוישט זי ווידער דאָס מעבל. באַוועגן. באַוועגט זי זיך בלויז מיט טאַקסיס, אפילו זיין „קוואַדרע" צוגופּאָר. און אין אירע עלטערן פאַרגעסט זי אויך נישט.

קיין צו גרויסע ליבע האָט, דאַכט זיך, ביי זיי זיך נישט איינ־געשטעלט. וואָס ווייטער זיינען זיי געוואָרן פרעמדער און פרעמדער. אַפילו זיין שפּאַניש־ריידן האָט איר געאַרט. און עס איז געקומען צו איבערריידן אויך.

דער טעכניקער האָט זיך אַרומגעזען, אַז זיין באמת גרויסער געהאַלט סטייעט אים נישט און דערצו נאָך איז דאָס ווייב אַזוי אַנדערש געוואָרן, גאַרנישט די זעלבע גראַסיעלאַ.

קורץ, אין אַ שיינעם טאָג האָבן די צדדים באַשלאָסן זיך צו גטן. מ'האָט גענומען אַדוואָקאַטן, אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען, ביידע זיינען איינגעגאַנגען, כאָטש ביי אונדזער טעכניקער האָט אַלץ גע־קלאַפּט דאָס האַרץ — זאָל זיך נאָר נישט אַריינמישן דער שווער זיינער.

דער אַדוואָקאַט האָט אים געטרייסט — זאָל ער זיך נישט ער־גערן. ער האָט אַפילו פאַר אים ביי אַ באַקאַנטער משפּחה, אַ גוטן שידוך. אַ יידיש מיידל אָן פּראָבלעמען און מען וועט נאָך הויבן כוסות.

אונדזער טעכניקער האָט זיך באַרואיקט. דורכגעפירט אַלע פאָר־מאַליטעטן און אָט איז ער ווידער אַ פרייער מענטש. די אָנצוהערע־נישן פונעם אַדוואָקאַט זיינען אים געפעלן געוואָרן און ער האָט געוואַרט, אַז יענער זאָל אים אַריינפירן אין זיין באַקאַנטער משפּחה.

אָבער אונדזער העלד איז אַ צוואַנציק־יעריקער בחור (דערצו אַ גרויסער פאַרדינער), אַז די פרויען זאָלן אים נישט באַמערקן.

די הויפּט־אויפזעערין פון דער פאַבריק, אַ פרוי שוין גאָר נישט קיין יונגע, אָבער מיט אַ שטעל, איז צו־אָפּט געקומען פרעגן עצות דעם טעכניקער, דאָ וועגן איינשטעל פון די נייע קאָלירן פאַר דער פּראָדוקציע, דאָ — וועגן נעכטיקן טאָג, און מען האָט זיך אונטערהאַלטן און געוואָרן פריינט. דערנאָך מער ווי פריינט, ביז מ'איז אַוועק ווינען צוזאַמען.

אַנומלט איז דער אַדוואָקאַט געקומען צו־גאַסט צו אונדזער טעכניקער. פאַר איין וועגס אים געוואָלט אַריינפירן אין יענער יידישער משפחה... אָבער ער האָט אים געטראָפן, אַ פאַרנומענעם.

דער טעכניקער האָט זיך פאַרענטפערט: וואָס זאָל איך טאָן, אַז די פרויען באַפאַלן מיך, איך בין דאָ אַ פרעמדער... איך וועל נאָך קומען צו אייך.

# ביים קאַפע־טישל

ס'איז דאָ איינער אַ געלערנטער, רופט ער אָן דעם היינטיקן מענטש — כדי אים צו אונטערשיידן פון דעם בראשיתדיקן „הייל־מענטש", אָדער גאָר פון דעם „העפלעכן שניי־מענטש" — „דער מענטש פון קאַפע"... דער מענטש ביים קאַפע־טישל.

זיצן מיר, אַ גרופע מענער און פרויען, ביי דעם מאַרמאָרנעם טישל אין רוישיקן, שטענדיק טומלדיקן קאַפע, באַטראַכטן די וואָס קומען אַריין, מענטשן אומבאַקאַנטע, מיט פאַרשיידענע פיזיאָנאָמישע שטריכן, פון פאַרשיידענעם עלטער, יונגע, אַלטע, צעקנייטשטע און לאַנגווייליקע, אויך שיינע, האָפערדיקע און לאַכנדיקע — איינער איז נישט ענלעך צום צווייטן. און דאָס געפיל — פון אַריינפאַלן צווישן דעם צופעליקן המון פון אומבאַקאַנטע — ווירקט סטימולירנדיק און אָנרעגנדיק. דער מענטש טובלט זיך אָפּ אין כסדר שטראָמענדיקן טייך פון די מיטמענטשן. און ער פרישט זיך אָפּ.

דער שמועס, וואָס פאַלט אַרום טישל — איז ווי דער גאַנצער אָנגעלויף — אַ צופעליקער. פון איין טעמע פליט מען באַלד אַריבער צו אַ צווייטער, און אַזוי קען מען אין איין קורצער שעה „באַאַרבעטן" די גאַנצע וועלט, די פּאָליטיק, פּאָליציי־ניים, ליטעראַטור, טעאַטער און אַביסל רכילות אויך.

זאָגט איינער:

— דער טענצער... האָט געהאַט צייט צו מאַכן פיס, איידער די פּאָליציי האָט אויפגעקליבן געננג באַווייזן אים צו באַשולדיקן אין מאָרד פון דער שיינער פרוי...

— אַ מאָרד, אַ מיסטעריע, כמעט אַ פערפעקטער פאַרברעכן.
און אָט פליט שוין אַ צווייטער ביים טישל, אין די הויכע וואָלקנס פון יידישער פּאָליטיק:

— די קאָמוניסטישע „מאָרגן־פרייהייט" פון ניו־יאָרק, האָט דאָס מאָל ריכטיק רעאַגירט אויף כרושטשעוס רייד פאַר דער פּאַריזער צייטונג „לע פיגאַראָ" — זי האַלט, אַז כרושטשעוו איז געווען אין גאַנצן אין סטיל פון דער מגילה... ווען המן איז געקומען צו אחשורוש מיטן אַרגומענט — אַז עס איז פאַראַן אַ פאָלק, וואָס איז אַנדערש... פּאַסט זיך נישט אַריין.

— אַוודאי — מישט זיך אַריין אַ צווייטער, — ס'וועט נאָך קו־מען זייערס אַ געלערנטער, וואָס וועט זאָגן, אַז ביי יידן איז אָנשטאָט רויטע בלוט־קייקעלעך, פאַראַן — בלויע מזוזהלעך...

און אָט דרייט זיך שוין דער שמועס אַרום טעאַטער, אַרום דער יידישער טעאַטער־טרופּע, וואָס גאַסטראָלירט אין „סטעלאַ ד'אי־טאַליאַ".

איינער דערציילט דעם יחוס פון דעם אָדער יענעם אַקטיאָר, אָדער אַקטריסע, פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן, און באַלד גייט מען אַרי־בער צום ווערט פון דער לעצטער פאָרשטעלונג.

— אָ, פיין, — רופט זיך אָפּ אַ מבין. די „סטאַרין" באַוועגט זיך פריי אויף דער בינע, זי איז פריש, און עלעגאַנט און אויך קולטורעל, און דער כאַראַקטער־קאָמיקער איז גאָר אַן אַנטפּלעקונג. אַזוי דוכט זיך — קען ער קיין צוויי נישט ציילן, — אָבער אויף דער בינע איז ער — אַ פייער.

און מען פליט ווייטער... דער שמועס ווערט פאַרגעזעצט. די פרויען באַטייליקן זיך אויך, דערציילן אפילו אַ וויץ, וואָס איז פאַר־העלטנישמעסיק נישט גאָר אַלט. עס איז פאַראַן עמיצער וואָס לאָזט זיך סערווירן נאָך אַ טעפּעלע קאַווע.

— וואָס זאָגט איר עפּעס צום בוך פון שרייבער X? — פאַלט אַריין אַ פראַגע. — און עס גייען אַוועק ע־טפערס מיט נאָך פראַ־געס, וואָס צוליב דער דעליקאַטקייט פון דער טעמע — קען איך זיי דאָ נישט פאַרעפנטלעכן...

# דער פריינט פון מיין פריינט

...און היינט וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה פון יענע ווייט־לעבע גרינע יאָרן. איך גלויב, חשובער לייענער, אַז דו האָסט נישט דאַקעגן, וואָרום יענע יאָרן האָבן מיר דאָך אַלע גלייך אַדורכגע־מאַכט, און ביי יעדן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין געמיט עפּעס וואָס איז אים אינטים און טייער; אַפילו די ווייטיקלעכע דערפאַרונגען ווערן שוין פאַרצויגן מיט אַ טוי פון „אַמאָל"; דאָרט, אין יענע טעג — שטעקט אונדזער יוגנט, און די יוגנט קען מען איבערחזרן נאָך אַמאָל — בלויז אין זכרון.

און אויסערדעם איז אַ מעשה — אויב זי איז נאָר שיין — סתם כדאי אויסצוהערן, שאַטן קען עס נישט קיינעם, און צייט איבערצו־לייענען אַ מעשה, האָט נאָך ברוך השם יעדער פון אונדז... אָבער פרעגן ווילט זיך: ווען איז אַ מעשה שיין? — דאָס, זעט איר, איז זייער אַן ערנסטער ענין, וואָס איז שוין פאַרבונדן מיט טיפע גע־דאַנקען, מיט פילאָזאָפיע און מיט טעאָריעס וועגן קונסט און עסטע־טיק. בקיצור קען מען זאָגן, אַז אַ מעשה איז שיין דאַן — ווען זי

גיט איבער אמתן פון לעבן אין אַ שפּילעוודיקער פאָרעם און דער עיקר — אויף אַן אומפּאַראינטערעסירטן אופן, ווי דער זיידע מענ־דעלע פלעגט זאָגן — נישט דאָס איז ער אויסן. און מיר זיינען טאַקע גאָרנישט אויסן. מיר דערציילן אַ מעשה ווי עמעץ שפּילט אויס אויף אַ פלייט אַ ניגון, אַזוי סתם אין דער וועלט.

מיין באַקאַנטער פריינט ב. האָט אין זיין איינזאַמקייט ממש גע־פונען אַן אוצר — אַ חבר, אַ פריינט. און אַזוי ווי ער האָט שוין געאַרבעט און פאַרדינט אַ קליינעם, אָבער רעגלמעסיקן געהאַלט, און יענער — זיין חבר — האָט נאָך גאָרנישט געטאָן, נאָר געלעגן האַלבע טעג מיט נאָך דריי בחורים אין אַן אויבערשט צימערל, פאַר־וואָרפן מיט שמאַטעס און מסתמא צוגעהונגערט אויך, — פלעגט ער זיי ברענגען נאָך דער אַרבעט אַ פלאַש מילך, ברויט און צום ברויט — און מ׳האָט געפּראַוועט בשותפות אַן אמתן באַנקעט.

דער בעל־דבר, דער פריינט פון מיין פריינט, איז געווען אַ גע־וויקסיקער און אַזוי אַ געזונטער יונג — אַ שטיקל לאַנדסמאַן פון דער היים נאָך, און מ׳האָט געשמועסט, אַז אַן אָפּגעהיטער מיטן סענט. מ׳האָט אים נאָך קיינמאָל געזען אויסגעבן אַ גראָשן. אַפילו דאַן ווען ער האָט פאַרדינט, עפּעס געקויפט און פאַרקויפט, איז עס געווען ווי אין געהיים: שאַ־שטיל, און דער איינדרוק האָט זיך געשאַפן אַז ער גייט כסדר אויס פון הונגער.

מילא, אַזעלכע מענטשן טרעפן. דערווייל האָט ער געלעבט פון דעם, וואָס גוטע ברידער האָבן אים צוגעוואָרפן אויס חברשאַפט און אפשר אויך אויס רחמנות. אָבער דאָס לעצטע איז נישט וואַר־שיינלעך — וואָרום ווו האָבן געוווסט אונדזערע אָנגעליטענע אין פאַרהאַרטעוועטע ייִנגלעך, פון רחמנות?

איינמאָל איז ער קראַנק געוואָרן, און אונדזער פריינט האָט פאַר זיינע לעצטע איינציקע פעניס געבראַכט אַ דאָקטער, און באַ־צאָלט דערנאָך פאַר די מעדיקאַמענטן אויך. און טועדיק גוטס צו

זיין חבר — האָט ער זיך נישט געפֿילט אַליין אַזוי עלנט און פֿאַר־לאָזן אין דעם נייעם לאַנד.

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט מיין פֿריינט באַשלאָסן פּרוּוון מזל אין שכנותדיקן בוענאָס אײרעס, וווּ, ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, דאַרף זיין — די גרויסע און שיינע וועלט. עפּעס איז דאָך בוענאָס אײרעס אַ וועלט־שטאָט, מיט אַ גרויס יידיש לעבן, מיט באַרימטע מענטשן, שרייבער, צייטונגען, אָרגאַניזאַציעס, נישט עפּעס אַ שטעטל אין עק וועלט.

ביים געזעגענען זיך מיט זיין חבר האָט מיין פֿריינט אים איבערגעשטעלט אָפּצוהיטן, אָדער גאָר בירושה, זיין בעטל, קישן, אַ פּרימוס — די גאַנצע בחורשע ווירטשאַפֿט זיינע. זאָל ער דער חבר, זיך דערווייל באַנוצן מיט דעם, און אַליין האָט ער אין אַ קליין וואַליזקעלע איינגעפּאַקט אַ פּאָר וועש, עטלעכע ביכער — און זיך געלאָזט פֿאָרן מיט דער ביינאַכטיקער שיף קיין בוענאָס־אײרעס, אַזוי ווי אין אַ פּולוואַרק אויף אַ פּיק־ניק.

דאָס קאַפּיטל בוענאָס־אײרעס איז פֿאַר אונדזער פֿריינט, גאָר־נישט געווען קיין פּריוולעכס. ערשט דאָרט האָט ער דערפֿילט — וואָס עס הייסט זיין אַליין אויף גאָטס וועלט. די האַמעטנע־גרויסע שטאָט האָט אים געגעבן צו דערפֿילן, וואָס עס הייסט קומען, ווי אויף אַ פּיקניק אין אַ פּולוואַרק, צווישן מענטשן וואָס יאָגן זיך יעדער נאָך זיין אויסקומעניש. בוענאָס־אײרעס האָט מיט אים שוין איינמאָל געלערנט דאָס קאַפּיטל — גרויסע שטאָט, און מיט אַ שבועה אויף די ליפּן, קיינמאָל מער צו באַטרעטן דעם דאָזיקן בבל, האָט אונדזער פֿריינט זיך צוריק באַוויזן אין מאָנטעווידעאָ.

ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל זיך נאָכפֿרעגן אויף זיין אַלטן חבר — ווו געפֿינט ער זיך, ווי גייט עס אים? אָבער ווי איבעראַשט איז ער געוואָרן, ווען מ'האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ גרויס געשעפֿט אין דער הויפּט־גאַס: דאָס איז ער — דיין חבר!

ווי אַזוי די טרעפונג צווישן זיי איז פֿאָרגעקומען? — יענער האָט אים כמעט נישט דערקענט, און כדי דאָס צוטשעפּעניש זאָל נישט פֿערטענדירן אויף חברשאַפֿט און אפשר אויף הילף — האָט ער אים פּראָוואָצירט אין אַן „אידעאָלאָגיש געשלעג". פֿון דעמלט אָן באַגעגענען זיי זיך נישט, אָבער ווען מיין פֿריינט קומט אויס דורכ־צוגיין דורך דער „גאַלעריאַ כהן", וואָס געהערט צו זיין אַלטן חבר — דערמאָנט ער זיך אין יענע פֿאַרגאַנגענע טעג.

# מאָנטעווידעאָ 1930

שפאַצירנדיק איבער דער הויפט־גאַס פון שטאָט — „דיעס אי אָטשאָ דע כוליאָ", און מאַכנדיק שיער נישט העראָישע אָנשטרענגונגען זיך צו קענען דורכשפאַרן צווישן אַזאַ קיין־עין־הרע — געדיכטן עולם, — דערמאָנט זיך נישט־ווילנדיק די פוסטקייט פון דער זעלבער גאַס אין די אָוונט־שעהן פון 1930.

אין סך־הכל זיינען „קוים" דורכגעלאָפן 28 יאָר. פאַרן זכרון איז דאָס בינטל יאָרן פריש — ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען. אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט זיך כמעט ווי געביטן אַ גענעראַציע. אַ נייער דור איז אויפגעקומען, אַ יוגנט, וואָס מיינט, ווי געוויינלעך, אַז זי איז דאָס זאַלץ פון דער ערד.

אָט איז דאָס יאָר 1930. מאָנטעווידעאָ האָט דאַן געהאַט עטוואָס וויניקער ווי אַ העלפט פון דער היינטיקער באַפעלקערונג (450 טויזנט לגבי דעם מיליאָן מיט עפּעס, פון היינט). די שטאָט האָט נאָך נישט געהאַט דעם רוב פון די אַלע מאָדערנע שיינע געביידעס. דער וווּנדערלעכער „דיאַגאָנאַל אַגראַסיאַדאַ" האָט אפשר שוין עקזיסטירט, אָבער בלויז אויף די פלענער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

מיין פריינט, דער דעמאָלט־יונגטלעכער ב., איז ערשט געהאַט אַראָפּגעקומען פון שיף. אין קעשענע האָט ער פאַרמאָגט אַן אָפּגעריבענעם פינף־גראָשן־שטיק. כאָטש עס איז געווען הארבסטיק און שוין גענוג קאַלט, איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ לייכטן ברעזענטענעם ווינט־יאַק. עפּעס איז ער טעותדיק אין אייראָפּע געווען אינ־

פאָרמירט, אַז דער קלימאַט איז דאָ אַ הייסער, אַזוי ווי אין אַפריקע, און די שאַרפלעכע קעלט איז פאַר אים געווען דער ערשטער (ניט־אַנגענעמער) סורפּריז.

אין זעלבן יאָר, אָדער פריער מיט אַ יאָר, צי שפּעטער, זיינען אָנגעקומען אַ סך יונגעלייט אַזעלכע ווי ער, דער גרעסטער טייל בחורים, מיידלעך ווייניק, כמעט אַלע אין זעלבן עלטער — צוואַנציק־יעריקע. פאַרשיידן זיינען געווען די סיבות, וואָס האָבן זיי געבראַכט אַהער. אַ סך זיינען וואָכן־לאַנג געלעגן אין דעם טרויעריקן אימיגראַנטן־האָטעל, ביז זיי האָבן, ווי ערשט־אויסגעפיקטע פייגל, געפּרוווט אַ טאַפּ־טאָן די גאַסן פון דער שטאָט. זיך געפרעגט דער־נאָך אויף שטום־לשון דעם וועג צוריק צום אימיגראַנטן־הויז ווייל קיין סימן פון שפּראַך האָבן זיי נאָך נישט געהאַט אין מויל.

בלאָנדזשענדיק אַזוי איבער די גאַסן, איז אונדזער פריינט ב. דערגאַנגען צו אַ פּלאַץ, וווּ מ׳האָט געגראָבן פונדאַמענטן פאַר אַ נייַ הויז. דאָס האָט מען ערשט אָנגעפאַנגען בויען דעם פּאַלאַץ פון דער מלוכה־באַנק. ער איז צוגעגאַנגען צו דעם מענטשן וואָס האָט געהאַלטן די וואַסער־מאָס און אויסגעשריגן פאַר אים: — „זשאָ טראַבאַכאָ!" — עס האָט געהייסן, אַז ער זוכט אַרבעט.

אָבער אַרבעט איז אין יענעם יאָר געווען אַן איידעלע זאַך. אַרבעט און דערצו נאָך ביי אַ מלוכה־בנין, האָט מען געקענט באַקומען נאָר דורך גרויסער פּראָטעקציע.

אונדזער יונגטלעכער איז געגאַנגען ווייטער, זיך דערנענטערט צו דעם פעלדזיקן ברעג פון ים. דאָ האָט מען אָנגעהויבן לייגן די „ראַמבלאַ סור". און ווידער דאָס אייגענע: — „זשאָ טראַבאַכאָ!" — אָבער מ׳האָט זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף אים. — אַרבעט אין יאָר 1930 — משוגע מיינע שונאים!

אַנדערע בחורים האָבן זיך אָנגעטאָן קערבעלעך מיט גאַלאַנטעריי־קליינקייטן, אויפן אַקסל, אָדער פאַרוואָרפן אויפן אָרעם אַ גאַרב מיט פילקאָלירנדיקע קראַוואַטן, און מאָדנע — ביי דעם מסחר

האָט מען אָנגעהויבן דערזען אַ צורה פון אַ מטבע. אין די שפּאַנישע צייטונגען האָבן זיך אָפּט געוויזן הומאָריסטישע קאַריקאַטורן, וואָס שטעלן פאָר אונדזערס אַ מענטשן מיטן רעגנבויגן פון קראַוואַטן. אָבער מ׳האָט געמוזט עסן.

אין די געסלעך נאָענט צו דער „געגנט פון ליבע״ (היינט שוין אַראָפּגעוואָרפן) האָט מען אויסגעפונען ביליקע רעסטאָראַנדלעך, ווו פאַר זיבן סענט האָט מען געקענט אָפּעסן כמעט צו דער זעט.

און יונג איז מען געווען, האָט מען אויך אין די אומשטענדן פון מיזעריע, געמאַכט קלובן, געטריבן ספּאָרט און זיך פאַרליבט אין די איינציקע מיידלעך. (דאָס סאַמע מיאוסטע מיידל האָט באַקומען אַ פּרעטענדענט) און מ׳האָט זיך ליב־געהאַט און געבויט אַ נעסט. אַ סך זאַכן זיינען פאָרגעקומען אין מאָנטעווידעאָ אין 1930. דוכט זיך ערשט נעכטן איז עס געווען...

# קינדער־יאָרן

ווי געוויינלעך, זיינען מיר זיך געזעסן אין קאַפע, איך און מיין פריינט, דער מאָלער ב.

איך האָב אויסגעהערט מיט אינטערעס וואָס ער דערציילט וועגן די נייע שאַפונגען זיינע אויפן לייוונט און אויך פון אַ סקולפּטור, וואָס ער האָט ערשט פאַרענדיקט, זיין איינשטיין־קאָפּ, מיט די שווערע צעשטורעמטע קודלעס האָר און אַ בליק פון רחבותדיקער אומענדלעכקייט.

מיין פריינט האָט באַדויערט, וואָס ער האָט נישט געקענט מאָרעלירן איינשטיינען רעאַל, פון אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט, און האָט עס געמוזט טאָן לויט פאָטאָגראַפיעס.

ריידנדיק וועגן זיין מאָלעריי און סקולפּטור, האָט דער מאָלער באַוועגט מיט די שפּיצן פינגער, ווי מיט אַ פּענדזל, אַרויף און אַראָפּ. ער האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז אויף זיינע נייע בילדער איז קענטיק יעדער פּענדזל־שמיר, ווי אָנצוטאַפּן.

כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז די פּסיכאָלאָגן פון קונסט, האַלטן טאַקע, אַז דאָס וואָס איז מער פון אַלע חושים אַנטוויקלט ביי מאָלער און סקולפּטאָרן, איז אויסער די ראיה — זייער טאַפּ־חוש. פון דעם נעמט זיך זייער שטרעבונג צו קנעטן און צו לייגן די „קאָלירן אָנצרירן מיטן האַנט".

אַריבערגייענדיק צו אַ צווייטער טעמע, האָב איך אים דערציילט פון אַן „עקספּערימענט" וואָס ווערט געמאַכט אין אינטע־

לעקטועל־באַהעמישע קרייזן: מען איז מכבד עמיצן מיט אַ גלאָז טיי און מען רוקט אים צו די צוקער, ער זאָל זיס מאַכן. דער בעל־דבר וואַרפט אַריין אַ פיר־פינף ציגעלעך צוקער און מישט מיטן לעפעלע און מישט און די צוקער צעגייט נישט. ער מישט ווייטער — די ציגעלעך בלייבן גאַנץ. בלייבט ער אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנהייט — פון זינט די וועלט שטייט — דאַרף צוקער צעגיין, און דאָ? דער גאַנצער באַגריף איז דאָ געענדערט געוואָרן. אַ רעוואָלוציע, נישט אַנדערש!

מיר האָבן געלאַכט פון דער מעשה, פון די שטיקלעך צוקער פון פלאַסטיק, וואָס ענדערן אָנגענומענע באַגריפן־פענאָמענס.

דער שמועס האָט זיך געצויגן ווייטער. אין קאַפע זיינען אַריינגעקומען נאָך מענטשן, צווישן זיי באַקאַנטע. מיר זיינען געווען צופרידן, וואָס צו אונדז האָט זיך קיינער צוגעזעצט. פון אַנדערע טישלעך האָט מען אונדז גערופן, באַזונדערס דעם מאלער, מיר זאָלן קומען זיך זעצן נעבן זיי, זיי זיינען אַפילו גרייט געווען צו באַצאָלן די טעפלעך קאַווע — און דערווייל וועלן זיי זיך קענען בעסער צעשטרייען, אַרויסגיין פון זייער טעגלעכן גערייד פון קויף און פאַרקויף פון מסחר און טראַנזאַקציעס.

איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געשען און מיין פריינט האָט מיר פלוצים אָנגעהויבן דערציילן פון זיינע קינדער־יאָרן, און זיי זיינען באמת געווען נישט קיין פריילעכע, ווייט נישט קיין פריילעכע.

אין זיין פריסטער קינדהייט איז ער געבליבן אַ יתום, און דאָ האָט אויף דער וועלט זיך צעשפילט די מלחמה, מיט אַלע אירע באַגלייטערס. ס'איז געווען הונגער, קראַנקייט און פינצטערע נויט.

ווי אַזוי ער איז דורכגעקומען יענע שרעקלעכע יאָרן, ווייסט ער אַליין נישט. ער איז שוין אַ סך מאָל געווען מער אויף יענער וועלט, ווי אויף דער. ווי אַ טיפוס־קראַנקער האָט ער זיך געוואַלגערט אין די שפּיטאָלן חדשים, דאַר און אויסגעטריקנט ווי אַ צווייגל, אָבער ער האָט איבערגעהאַלטן און איז געזונט געוואָרן. און ווען

די מלחמה האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט (ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר), איז זיין לאַגע אויך נישט געוואָרן פיל בעסער.

אָט דערמאָנט ער זיך: ער גייט איבער די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט, קוקט אין די שויפענצטער, וואָס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אָנצופילן מיט אַלדאָס גוטס. אָט זייַנען זיסוואַרג, אָט שפּילצייג, — ער קוקט און קוקט און ווייסט צום סוף — אַז די אַלע זאַכן זייַנען נישט פאַר אים. קיין זאַך איז נישט פאַר אים. ער קען בלויז קוקן, קוקן, זען — דאָס דערלויבט מען אים.

און אָט שטייט ער אויפן צווייטן שטאָק, ביים פענצטער אין דער שול. ער זעט — צענדליקער ייִנגלעך לויפן אַרום אויפן הויף, שפּילן זיך, שפּרינגען, וויגן זיך אויף די הוידלקעס, אָבער ער נישט. ווי וואָלט ער אַראָפּגעלאָפן און זיך געשפּילט מיט אַלעמען צו גלייך, ווייל פלינק איז ער און באַוועגלעך און האָט ליב דאָס שפּילן זיך מער פון אַלץ אין דער וועלט. ער קען אָבער נישט אַראָפּגיין ווייל זייַנע זאַכן, דאָס רעקל און די הייזלעך האַלטן זיך קוים אויף אים צוגעשפּיליעט מיט עטלעכע שפּילקעס. ער איז אין גאַנצן קרועבלוע, אין פאַסן שמאַטעס, אָט־אָט פאַלן זיי אַראָפּ פון אים: אָבער קוקן קען ער. בלויז קוקן... זען...

# דער האַרבסט איז אָנגעקומען

כאָטש דאָס לאַנד אורוגוויי — איז אַ סוב־טראָפּישס, מיט בלויע הימלען און אַ בלענדנדיקע זון אין די מערסטע טעג פון יאָר, פילט מען אויך אָפּ דעם אָנקומענדיקן האַרבסט.

אַ גרויסע צאָלביימער וואַרפן אַראָפּ פון זיך זייערע גלייך־צו גאָלד־געוואָרענע בלעטער, און עס הויבן אָן אַרויסשטאַרצן די נאַקעטע אומעטיקע צווייגן.

אין די עפנטלעכע פּאַרקן, וואָס ווערן איצט שיטערער באַזוכט, אָטעמט עס אויך מיט אַ האַרבסטיקן פאַרגייענדיקן געמיט.

אויף די וועגן און שטעגן איז אויסגעשפּרייט דער גאָלדענער טעפּיך פון אַראָפּגעפאַלענעם בלעטערוואַרג און אין דער „אַלייע פון די פּאָעטן" קוקן אַרויס עלנט און פאַרלאָזן די אָנצאָליקע סטאַטוען, סימבאָלישע פיגורן, פאַרטראַכטע קעפּ פון קינסטלער.

און דוכט זיך, אַז דאָ, אין פּאַרק, איז דער האַרבסט זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

ער האַרמאָניזירט מיט דער שטילער זינגנדיקער איינזאַמקייט פון דעם פּאָעטישן ווינקל, דערצו נאָך ווען אַ לאַנגזאַמער אומאויפהערלעכער רעגן לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ שלייער.

ס'איז פאַראַן שיינקייט אין האַרבסט.

דער געוויינלעכער דורכשניטלעכער מענטש, אויך ער פילט אָפּ דעם אָנקומענדיקן האַרבסט. אין זיין ברוסט הויבט אָן וויברירן

(ווען ער גיט זיך נישט אָפּ אַפילו קיין רעכענונג) אַן אויפגעוועקטע סטרונע מיט אומעטיקע מינאָר־טענער.

אין די טעג פון זומער, ווען אַ צו שפּעדיקע זון פאַרפלייצט אַלץ און אַלעמען, ווען די וועלט און די שטאָט פאַרלירט יעדן שאָטן, איז דער מענטש פאַרבלענדט פון זיינע חושים, זיין סענסואַליזם איז אָן אַ גרענעץ. דער געדאַנק זיינער שפּרייט זיך אויס בלויז אין איין דימענסיע — האָריזאָנטאַל; ס'איז נישט פאַראַן פאַר אים קיין הייך, קיין טיף.

צופיל זון פאַרפלאַכט דעם אַרום. און דער מענטש קען נישט לעבן שטענדיק נאָר מיט זיינע מגושמדיקע חושים. פאַרן גייסט, פאַר דער נשמה, איז נויטיק אויך אַביסל שאָטן.

אין די זומער־חדשים שטעלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן. עס זיינען צוגעשלאָסן די טעאַטערס, קאָנצערט־זאַלן. די מאַניפעסטאַציעס פון מענטשלעכן גייסט ווערן צייטווייליק פאַרוקט אין הינטערגרונט. צופיל איז דאַן דער מענטש פאַרטאָן מיט זיין גופיקייט.

אין האַרבסט, אין זינגענדיקן מיט געמיט און גייסט, ווען עס מערן זיך די שאָטנס און נאַקעטקייט אין דער נאַטור און די שטאַרקע זון פאַרפלייצט נישט מער אַלץ און אַלעמען — עפנט אויף דער מענטש זיינע אויגן און קוקט אַריין אין זיך, אין זיין אינטימער און גייסטיקער וועלט.

דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטור־לעבן שפּראָצט אַרויס אין טונקלעניש פון האַרבסט. דער קינסטלער איז פאַרטאָן אין זיין ווערק און דער געניסער פון קונסט און קולטור, האָט איצט אַן אָפן אויג פאַר די שאַפונגען פון מענטשלעכן גייסט, און אַן אָפענעם אויער פאַרן דינסטן געזאַנג.

די מוזייען זיינען אָפן, די קאָנצערט־זאַלן פול מיט מעלאָדיעס פון מענטשלעכן זשעני, דאָס טעאַטער ברענגט אַרויס אויף די ברעטער די טראַגעדיע און אויך די קאָמעדיע פון לעבן.

ס'איז אָנגעקומען אין אונדזער לאַנד — דער האַרבסט, דער פרוכטבאַרער, זינגנדיקער האַרבסט...

# אין יענע טעג

גוט. וועלן מיר ווידער אַ שמועס טאָן וועגן יענע ווייטע טעג (קנאַפּע דריי צענדליק יאָר זיינען אין לעבן פון אַ יחיד און אויך פון אַ ישוב — אַ מהלך), ווען דער אימיגראַציע־שטראָם איז געגאַנגען אַהער אַ האַסטיקער. יעדן טאָג האָבן די שיפן אַרויסגעוואָרפן „פּאַסאַזשירן". דאָס זיינען געווען שלעכט־געקלײדעטע יונגעלייטלעך מיט אַ פּראַגע־צייכן אין זייער גאַנצן אויסזען: וואָס וועט אונדז ברענגען אַמעריקע?

ס'איז געווען 1931. אַ נייע רעגירונג איז דאָ איז דאָ אין לאַנד — די טעראַ־רעגירונג. דער עקאָנאָמישער קריזיס אין דער וועלט (עס איז געווען נאָך די באַנק־קראַכן אין נאָרד־אַמעריקע און נאָך דער אוריבורו־רעוואָלוציע אין אַרגענטינע) — איז אין זיין אַפּאָגיי. אין מאָנטעווידעאָ האָט מען געמוזט עפענען אין פינצטערע פאַרלאָזענע באַראַקן, די טעראַ־קיכן, וווּ מ'האָט אומזיסט באַקומען אַ שיסל געקעכטס און אַ מוציא ברויט, און רייען פון הונדערטער און הונדערטער אַרבעטסלאָזע (קריאָזשאָס און אויסלענדער) האָבן אָפּגעריסענע זיך געשפּאַרט נאָך דעם מאָלצייט. און ווי שטענדיק, אין ביטערע צייטן, האָט זיך „צעבליט" דער אַנטיסעמיטיזם. און נאָך מער — די נייע רעגירונג (די איינציקע אפשר אין אורוגווײַ) האָט רעם אַנטיסעמיטיזם באַגינסטיקט.

גרופּעס שלעגערס זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די דורך־ייִדן באַוווינטע גאַסן, און זיי האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן, און ווי דער

שטייגער איז געווען — האָט פּאָליציי אַרעסטירט די שלעגער און די געשלאָגענע, און די לעצטע זיינען נאָך אויסגעמוסרט געוואָרן פאַרן שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

יידישע בחורים און מיידלעך האָבן געבילדעט אַפילו אַ זעלבסט־שוץ, און פון די קעשענעס ביי זיי, זיינען אָפּגעשטאַנען האַרטע זאַכן.

מיין פריינט ב. איז אין איינעם אַ טאָג איבערגעפאַלן געוואָרן אויף סאַריאַנאָ און סיודאַדעלאַ פון פיר לאַבוזעס. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער איז געשלאָגן געוואָרן, און ער האָט נישט געוווסט אַפילו פאַר וואָס. — אָבער צום גליק האָט דער כוליגאַנישער אויפברויז לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. עמעצער פון אויבן האָט אים אָפּגעשטעלט, און ס'איז ווידער געוואָרן רואיק, טרויעריק, רואיק און ביטער. דאָס לעבן איז געווען זייער, זייער שווער.

די נייע אימיגראַנטן האָבן אין זייער בענקשאַפט, אין זייער ניט־וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך — אָפט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון פּאָרט. יעדע נייע שיף וואָס איז אָנגעקומען איז פאַר זיי געווען אַ גרוס פון דער אַלטער היים. יעדע שיף, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם פּאָרט, האָט מיטגענומען מיט זיך זייער בענקשאַפט. דאָרטן, איבערן ים, איז געווען אַ לעבן (אויך אַ שווערס), וואָס זיי האָבן געקענט. און דאָ? וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן?

מיין פריינט ב. האָט זיך נישט אויסגעטויגט צו מסחר. ער פלעגט גיין מיט אַ טישעלע איבערן קאָפּ (אַזוי איז געווען באַקוועמער צו טראָגן) און געקלאַפּט פאַרן אייזערנעם העמערל אין די טירן, אפשר וועט עם ווער קויפן. אָבער קיינער האָט נישט געקויפט זיין פאַנטאַזיע־טישעלע. ס'איז אים געווען גאָרנישט פריילעך.

אויך ער פלעגט מאַכן צופוס זיינע אָפטע באַזוכן צום פּאָרט. איינגעשטאַכן זיינע בליקן אין די שיפן, געקוקט... געקוקט...

איינמאָל האָט ער געזען ווי אַ גרופּע מענטשן שפּאַרט זיך צו דעם אונטערשטן אַריינגאַנג פון אַ שיף. די מענטשן, יעדער פון זיי

מיט אַ פּאַפּיר אין די הענט. זיי האָבן עס געוואַרט מ'זאָל פון דער שיף־קיך אַרויסטראָגן פאַר זיי שפּייז. און באַלד האָבן זיך געוויזן די מאַטראָזן מיט הויפנס אָנגעשניטן ברויט און אַ גרויסן טאָפּ. אויף די צייטונגס־פּאַפּירן האָבן זיי יעדערן פאַרטיילט אַ געדיכט לאָקשן־געקעכטס און שטיקער ברויט.

מיין פריינט ב. איז אויך געקומען מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט. אויך ער האָט באַקומען אַ פּאָרציע לאָקשן מיט ברויט.

דערנאָך האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט צווישן דעם שמוץ און אָפּ־פאַל פון פּאָרט־גרוז און געגעסן, נעמענדיק מיט די הענט די הויפנס לאָקשן. עס זיינען צווישן זיי געווען איטאַליענער, ליטווינער, בול־גאַרן — אַ גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל.

מאָרגנ איז געווען צו זען, ווי אויך אַ הונט האָט דערשמעקט, אַז דאָ טיילט מען עסן — איז ער אויך צוגעקומען, און די מאַטראָזן האָבן אים נישט פאַרטיילט. אויך ער האָט באַקומען לאָקשן מיט ברויט אויף אַ פּאַפּיר, וואָס זיי האָבן אויסגעלייגט פאַר אים אויף דער ערד.

און אַלע האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. אַ רעגן האָט אָנ־געהויבן צו פאַלן, אָבער קיינעם האָט ער נישט געאַרט. די נעץ איז געווען אַ טייל פון דעם מעניו.

שפּעטער איז אונדזער אינטערנאַציאָנאַלער עולם, צוזאַמען מיט דעם הונט, זיך רואיק פאַנאַנדערגעגאַנגען יעדער אין זיין ווינקל אַריין.

# ווײַטע דערמאָנונגען

מײַן פֿרײַנט, דער שטילער־אומבאַקאַנטער ב. וועגן וועמען איך האָב שוין דערציילט עטלעכע נישט־גאָר פֿריילעכע מעשׂות, איז פּלוצים — מיר נישט, דיר נישט, געוואָרן 50 יאָר.

און אַזוי ווי ער איז גאָר נישט קיין אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט האָט קיינער זיך נישט דערמאָנט אָפּצומערקן (באַנוצנדיק אַ ניי וואָרט) די דאָזיקע „גרויסע" געשעעניש.

עס איז אָנגעקומען אַ טאָג ווי אַלע טעג, אַ פּייכטלעך־שווערער, מיט די זעלבע באַשעפטיקונגען ווי שטענדיק, מיט די זעלבע רוטינע־רע קאָפּ־דרייעניש, באַגעגעניש, וואַרטעניש אויף אַ בריוו פֿון זײַן איינציקן אַכצן־יאָריקן זון, וואָס דינט אין מיליטער אין דער אויפֿגעקומענער ייִדישער מלוכה, דאָרט ווײַט ביי די ברעגן פֿון ים־התּיכון.

דאָך, ביים מיטיק־טיש האָט מײַן פֿרײַנט געפֿונען בלומען. דאָס האָט זײַן פֿרוי אים באַשאָנקען מיט איר אויפֿמערקזאַמקייט.

די אמתע „פֿײַערונג" האָט זיך אָבער אָנגעהויבן ווען מײַן פֿרײַנט האָט זיך געלאָזט אויף זײַן געוויינלעכן ערב אָוונטדיקן שפּאַציר, אַליין, איבער די ברייטע בולוואַרן, וואָס דערפֿירן ביזן אָפֿענעם, אין ווײַטקייט אויסגעשפּרייטן ים.

און דאָ, מיט דער אומטערגייענדיקער זון אַנטקעגן, אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די אָניאָגנדיקע כוואַליעס און פֿאַרהאַװעטער מחנה ים־פֿייגל, האָט אונדזער פֿרײַנט איבערגעמישט די בלעטער פֿון זײַן לעבן.

אָט איז דאָס יאָר 1914. ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. מיין פריינט איז קוים אַלט זעקס יאָר. — זיין פעטער לייבע איז געקומען זיך געזעגענען. ער איז געווען אַ מענטש אַ גבר — הויך און ברייט, מ'האָט געדאַרפט דעם קאָפּ פאַררייסן אים צו זען אין גאַנצן. ער איז אַוועק אין דער מלחמה, אויף קיינמאָל שוין נישט צוריקגעקומען, און אַז מ'פלעגט זינגען דאָס לידל:

> דאָס פערצנטע יאָר איז אָנגעקומען, אוי, וויי,
>
> האָט מען אים אין „זאַפּאַס" גענומען, אוי, וויי.

פלעגט ער אים האָבן פאַר די אויגן. און נאָך מער פלעגט ער אים זען, ביי די פערזן:

> אָט דאָס פערדל, דאָס געטרייע, אוי וויי,
>
> גייט אַליין אויף זיין לוויה, אוי, וויי.

אין זעלבן יאָר איז שטאַרק קראַנק געוואָרן דער פאָטער פון אונדזער פריינט. מ'האָט אים גענומען אין שפּיטאָל, פון וואַנען ער איז שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. זיין מוטער מיט אַן עלטערן ברודער, זיינען אַוועק זוכן ברויט „אויף נישט הי", דאָס הייסט — אַרויס פון שטאָט, און זיי זיינען אַזוי גיך נישט געקומען צוריק.

אונדזער זעקס יאָריקער העלד איז דעמלט פאַרבליבן אַליין, אויף זיין אייגענעם באַראָט.

אָ, ווי ער געדענקט יענע צייט: ער האָט געהאַט אויף זיך זיין מאַנטל, וואָס דער טאַטע האָט אים מיט אַזויפיל ליבשאַפט אַליין אויפגענייט.

געדענקט זיך, ווי דער דאָזיקער קליינער מענטש פאַרגייט ביזן מאַרק דעם ברייטן, וואָס איז כמעט ליידיק. בלויז איינציקע טישלעך מיט אַלט ברויט און סוכאַרעס זיינען אויסגעשטעלט.

אונדזער יינגל האָט נאָך גאָרנישט געגעסן, נישט נעכטן, נישט היינט, איז ציט ער אַראָפּ פון זיך זיין שיינעם וואַטענעם מאַנטעלע, און בעט מ'זאָל עס אים אויסטוישן אויף ברויט.

דער מסחר איז געמאַכט געוואָרן, און אַ גאַנצן טאָג האָט אונדזער איינזאַמער קליינער מענטש געטונקט דעם האַרטן ברויט אין וואַסער, און ס'האָט געהאַט אַלע טעמען.

דאָס זיינען פון די עלטסטע זכרונות ביי אונדזער פריינט ב. וואָס איז היינט, אַזוי אומגעריכט געוואָרן אַ בן־חמישים.

ער מישט ווייטער די בלעטער פון זיין לעבן. דער ים באַדעקט זיך מיט אַ ראָזעווער שיין. אַ האַלבע זון געפינט זיך שוין אין וואַסער דאָרט אין מערבדיקן האָריזאָנט. די אַנדערע העלפט קוקט נאָך אַרויס אויף דער וועלט, שווער צו זאָגן, מיט מיטגעפיל, אָדער מיט גלייכגילטיקייט. און אָט שטעלט זיך אָפּ אונדזער פריינטס זכרון אויף נאָך אַ בילד: אַ גרויס צימער. ביי די זייטן פון די ווענט שטייען בעטלעך, אפשר אַ צוואַנציק. דאָס איז דער שלאָפצימער אין קינדער־היים. אַלע קינדער ליגן אין די בעטלעך און ס'איז שאַ־רואיק. דאָס האָבן זיי זיך איינגעבעטן ביי אונדזער קליינעם פריינט — ער זאָל זיי דערציילן אַ מעשה — וואָרום מיין פריינט ב. איז אַלס קינד געווען אַן אויסערגעוויינלעכער מעשה־דערציילער. אין משך פון אַ גאַנצן ווינטער האָט ער דערציילט איין מעשה אין פאָרזעצונגען אַזוי צו זאָגן. ער האָט אַלץ אויסגעטראַכט פון קאָפּ. וועגן אַנטלאָפן וואָס לויפן גיך־גיך איבער פעלדער און וועלדער. וועגן שיפן אויף די ימים, וואָס מוזן האָבן מוזיק, כדי נישט פאַרכישופט צו ווערן פון געזאַנג, וואָס קומט פון אונטן, פון דער טיפעניש פון ים...

אַלע קינדער שלאָפן שוין און אונדזער קליינער פריינט דער־ציילט... דערציילט... ביז ער שלאָפט אויך איין.

אָט אין ענלעכע זכרונות, האָט אונדזער פריינט אָפּגעמערקט זיינע פופציק יאָר.

